יוסף קערלער

# לעט איך דאָך...



פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישראל
תשל״ב — 1972

# מ י ל ד ק י י ט

איך בין שוין ווי אַ באָמבע
מיטן טויט געווען באַלאָדן,
איך האָב זיך שוין אין שוויים
אין בלוטיקן געבאָדן,
מע האָט שוין אונטער מײַנע פיס
אַרויסגעהאַקט דעם באָדן,
און זעט איר דאָך, איך לעב!

אַצינד כ׳בין ווי אַ מילגרוים —
סאַמע זאַפט און זוימען
און ס׳קומט די צײַט
ווען איך מײַן צײַטיקייט ניט צוימען —
כ׳בין גרייט אַ פאַל טאָן,
זיך צעשפּאַלטן
פאַר דער שײַן פון דעם באַגינען,
ווען מענטשן וועלן זיך
פון גאַנצן האַרץ פאַרגינען
מילדקייט.

## פּראָסטקייט

אַ לויב דער ניט־פּשוטער פּראָסטקייט
געגליכן צו זאַלץ און צו ברויט,
צו הילכיקער לופט, ווען ס׳איז פּראָסטיק,
צו שטילקייט, וואָס קומט אין אַ נויט,
צו רייַפקייט, ווען ס׳ברעכן זיך צווייַגן,
צו פּייַן, וואָס אין גאָרגל זיך קנוילט,
זי קומט ווען מע קאָן שוין ניט שווייַגן,
ווען ס׳וואַסער איז איבערן מויל...

ווי ס׳האַרץ אויף צעשלאָסענע פּויסטן,
ווי ווייַטער לבנהקער סטעפּ —
די פּראָסטקייט קיין שלעכטס איז ניט אויסן
צו דעם, וואָס כ׳בין אויסן — זי שטרעבט.

## פון שטילקייט...

פון שטילקייט ווערט אַ וואָרט געבאָרן
און ס'וואָרפט פאַר אַלע אומגעריכט
אויף אייביקייטן סנאָפּעס ליכט.
און ווען אין שטילקייט ס'גייט פאַרלאָרן
צוריק דאָס וואָרט — די ווײַטן קלינגען
און ס'קרײַזן אויפגערעגטע רינגען
אין וואַסער,
אין דער לופט,
אין האַרץ.

*

קיין גרויסע גליקן זוך איך ניט,
נאָר וויפל ס׳וועט מיר קלעקן אָטעם —
כ׳וויל שטײַגן צו דעם קורצן ליד,
וואָס וואַרפט פון זיך אַ לאַנגן שאָטן,
ווי מיט אַ דעקטוך הילט עס אײַן
דעם שאַרפן ראַנד פון קלאָרן שׂכל,
פון ווײַטקייטן — דעם טערפּקע ווײַן,
די פּײַן פון קיין מאָל ניט צו גרייכן.

*

ס׳איז דאָ, ס׳איז דאָ אַזאַ מין שמייכל,
אַ פונק, אַ ווונק, אַ גוטער מיין —
זיי שליסן אויף די טיפסטע הייכן,
זיי מאַכן ווייך אין וועג אַ שטיין,
די שטאַרקסטע ציינרעדער זיך קרישלען,
באַרירנדיק דײַן צאַרט געביין!

— — —

לאָז, כ׳וועל דיר ס׳בלוט פון מויל אָפּווישן —
צו האַרט האָסטו פאַרקלעמט די ציין.

## „דאָס אייגן העמד איז נעענטער צום לײַב"

פאַראַן אַזאַ מין אמת —
„דאָס אייגן העמד איז נעענטער צום לײַב".
שינד אָפּ פון זיך די הויט
און ווי אויף פאַרמעטן פאַרשרײַב:

ניטאָ קיין ליגן,
וואָס קאָן מער נאָך זײַן געמיין
ווי אָט דער אמת.
גיפט — זײַן יעדער טראָפּן
און האַרטער איז ער פון דעם שטיין
בײַם הימלאָזן צוקאָפּנס!

און דאָרט, ווו אָט דעם אמת
גיט מען אָפּ ס'גערעכט —
איין הינטיש בלוט
בײַם האַר ווי בײַ דעם קנעכט.

פאַראַן אַזאַ מין אמת,
און דאָרט ווו ער געוועלטיקט —
דער אמת איז קיין אמת ניט!
די וועלט קיין וועלט ניט!

*

ווי נישטיק וואָלט מיר אויסגעזען די וועלט,
ווען ס׳וואָלט אין לעבן גאָר מיר ניט געפעלט!
נאָר לויב צום אייבערשטן דערפאַר —
עס דראָט מיר ניט אַזאַ געפאַר,
ווײַל ווען איך זאָל, אַ שטייגער,
רעגלמעסיק, לויטן בעסטן זייגער,
קריכן פון דער הויט
און קאָפּ אַראָפּ זיך שטעלן —
וועט מיר דען אויפהערן צו פעלן?.

*

מע זאָגט: ווען ס'איז גוט
זײַנען פֿרײַנד אויפֿן פֿוד.
מע זאָגט: אין אַ נויט
זײַנען פֿרײַנד אויפֿן לויט.

מען זאָגט, נאָר איך גלייב ניט
דעם דאָזיקן זאָג —
וואָס האָט עס צו פֿרײַנד,
ווען געפֿעלשט איז די וואָג.

*

ווען גרינג וואָלט אָנגעקומען אַלץ,
וואָלט אַלץ געקראָכן דיר פון האַלדז.
ס'איז אָבער ניט אַזוי געפערלעך,
ווײַל אַלץ קומט אָן, מיר דאַכט, צו שווערלעך.

ניט בייג זיך, ברודער, און ניט פאַל,
אויב אַלץ קומט אָן מיט גרינער גאַל,
ס'איז אפשר בעסער. איינס איך בעט:
ס'זאָל אַלץ ניט אָנקומען צו שפּעט.

*

זאָל איך אפשר קרעכצן, אָכצן,
קלאָגן — „וויי־געשריגן״ ? —
מײַנע פּים ווי שווערע וואָרצלען,
הענט מײַנע — ווי פליגל ?
אָדער בין איך גאָר זיך טועה —
פלאָנטער מיט די ערטער:
מײַנע פּים, געשווענקט אין טויען,
רײַסן פון דער ערד זיך
און די הענט ווי כוואַטקע צוואַנגען
לאָזן מיך ניט פליִען ? — —

ס׳ראַנגלען זיך אַזוי געזאַנגען
און די צונג זיי בריִען.

# דרײַ שטערנדלעך

ס׳פינקלען דרײַ שטערנדלעך
איבער מײַן ליד —
אַ צייכן,
אַז טאָמער געפעלט עס אײַך נים,
דאָס ליד מײַנס,
נים מיינט שוין אַז אַלץ איז פאַרענדיקט —
די שטערן אין הימל
זיי שײַנען ווי שטענדיק,

ווי שטענדיק, דער מילכוועג
פאַר קיינעם נים קנים
און דאָס איז דאָך בילכער
פון יעטווידער ליד!

דרײַ שטערנדלעך שטעל איך
פאַר אײַך דאָ אַוועק
און טאַפּ אין דער פינצטער
מײַן איינציקן שטעג.

# האַרבסטיקע טענער

א

דער זומער אַוועק אָן אַ „זײַ־געזונט" איז,
און אָסיען געקומען איז אָן אַ „גוט־מאָרגן",
נאָר כ'האָב ניט קיין חשק צו טענהן אומזיסט —
פֿאַריאָג איך, ווי שלעק, די עלעגישע זאָרגן,

איך ברום מיר אַ ניגונדל אָן שום פֿאַרדראָס —
אַ רעגנדל זיפּט זיך אַזוי אָן פֿאַראיבל...
אַ רענדל — אַ וואָרט, ווען איר זאָגט מיר פֿאַר וואָס
די וועלט ווערט מיט יעדן פֿרימאָרגן מיר ליבער.

און זשעדנער איך אָטעם די ווײַט און די פֿרײַ,
די הימלען די גרויע, ווי בושלען זיך ציִען...
מײַן יוגנט איז, דאַכט זיך, ווי זאָגט איר, פֿאַרבײַ
און קינדהייט נאָך טריפֿט פֿון פֿאַרחידושטע וויִעס.

אָ, טעג, מײַנע טעג — מײַנע טײַערסטע געסט,
ניט יאָגט ווי קוראַי איבער נאַקעטע פֿעלדער —
פֿאַרגייט אין מײַן מי! און זאָל זײַן — איך פֿאַרגעס,
ווי ס'גנבעט זיך אונטער אויף שטעקשיך די עלטער,

זאָל זײַן — ערגעץ נאָגט נאָך דאָס לעצטע געשריי,
וואָס האַרבסטיקע פֿייגל אין האַרץ מיר פֿאַרקאַרבן —
זײַ בליצפֿול, מײַן רגע, מיט פֿרייד און מיט וויי,
כּל־זמן ס'איז קיין צײַט ניט פֿאַראַן אויף צו שטאַרבן!

כ׳בין וואַך און איך שפּיר די געפאַר פון פאַרראַט
וואָס צייכנט זיך קוים פון דעם ווײַטסטן מהלך,
ס׳איז אפשר דערפאַר, ווײַל איך בין אַ סאָלדאַט
און וויים, אַז ס׳איז בעסער דער מענטש פון אַ מלאַך.

ב

ס׳קלאַפּט אין שויב צו מיר
אַן אומעטיקער רעגן,
גלײַך ער וואָלט ניט אויפהערן צו פרעגן:

וואָס וועט זײַן דער תּכלית?

אָט אַזוי, דער טאַטע מײַנער,
פלעג „דערגיין" מיר מײַנע יאָרן,
איידער כ׳האָב זיך
אין דער ווײַטער וועלט פאַרלאָרן:

וואָס וועט זײַן דער תּכלית?

דער רעגן פּויקט שוין
ניט אויף קיין קאַטאָוועס
און די מחשבות פּיקן מיך
ווי בייזע סאָוועס:

וואָס וועט זײַן דער תּכלית?

מײַן גאָט, ס׳אַ ליאַפּעניש,
עס הערט ניט אויף צו גיסן!..
און ווען עס וואָלט שוין אויפגעהערט

צו גיסן,
וואָלט איך דען וויסן —
וואָס וועט זײַן דער תּכלית?

ג

די מילשטיינער פֿון דער צײַט,
זיי זײַנען שוין, דאַכט זיך, צעבראָכן
און איך בין, צו גאָט און צו לײַט,
כּמעט ווי דער זעלביקער בחור.

סײַדן דאָס קרענקלעכע האַרץ,
וואָס דאַרף וויל צום אמת דערגרייכן,
סײַדן די קראַפֿט, וועלכע שפּאַרט
פֿון מײַן קליגער געוואָרענעם שמייכל,

סײַדן דער גלויבן, וואָס ברעכט
מילשטיינער, פֿעסטונגען, קראַטן,
נאָר אַלץ וואָס איז רעכט און גערעכט
קאָן, כ'לעבן, צום שידוך ניט שאַטן.

## די באַלאַדע וועגן מײַן גורל

כ'קאָן זיך אויף מײַן גורל ניט באַקלאָגן —
כ'האָב געהאַט מיט דעם צו זינגען און צו זאָגן...

נאָר כ'האָב אויך עס ניט באַגעגנט מיט קיין וואַרע —
ס'האָט געהאַט פון מיר סײַ קאַלטס, סײַ וואַרעמס:

כ'האָב געראַנגלט זיך, מיט לײַב און זעל געווערט זיך,
איצטער שלעפּט זיך נאָך מיר „דאָס באַשערטע".

ווי אַ הונט סקאַוווטשענדיק, באַלעקנדיק די ווונדן,
הינקט עס נאָך די שפּורן, מײַן בייז ווונדער.

ווער איך אויפגעקאָכט: עד מתי און ביז וואַנען!
זוך אַ שטיין צו דעם. קיין שטיין איז ניט פאַראַנען...

שרײַ איך אויס:
— אַ בראָך צו דײַנע ביינער,
וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט שלים-שלימזל איינער?

ס'ענטפערט מיט אַ קרומען שמייכל — מיר איז, מיינסטו,
זיסער?
אויף פאַר מײַנע שאַרפע ציינער ביסט אַ האַרטינק ניסל...

און אויף ס'נײַ צונויפגעפלאָכטן ראַנגלען מיר זיך, ראַנגלען,
ביז דער טויט וועט ביידע אונדז אַ כאַפּ טאָן פאַר די
אַנגלען — —
דעמאָלט וועט פאַר קינדסקינדער דאָס גוטע מזל טאָגן.
ווי זשע זאָל איך, זאָגט זשע, אויף מײַן גורל זיך באַקלאָגן?

## פאַראַן אַ „מעטר"

פאראן א „מעטר" —
א זאטער פעטער,
ער כאַליעט אויף זײַנע
לאָרבערבלעטער,
מיט גרוים הנאה
דאָס בײַכל גלעט ער
און בלאָזט פון זיך...

א צווייטער „מעטר" —
שוין דארלעך, זעט איר,
גלײַך אײַנגעשלונגען
ער וואָלט א מעטער.
ווי פון אָלימפּ —
אראָפּ צו רעדט ער
און בלאָזט פון זיך...

און איך בין קיין „מעטר",
פון אָנפאנג איך קלעטער
און הייזעריק בין איך
פון ווינטיקן וועטער...
כ'בלאָז ניט פון גאווה
און אויך ניט פון שמאלץ,

ווען כ׳ברי זיך אויף הייסן —
בלאָז איך אויף קאַלטס,
און איך בין קיין „מעטר״ —
צום טײַוול די מי!
אַן אָנפאַנגער בין איך.
פון פרי ביז צו פרי

איך שטײַג און איך שטײַג
און בלײַב אַלץ פאַר אַ באַרג.
דעם קאָפּ איך פאַרוואַרף
אַזש סע ברעכט מיר דער קאַרק;
פאַרציִען די וווּנדן
פעלט שטענדיק אוים הויט...
אַזאַ איך פאַרבלײַב שוין,
ווײַזט אויס, ביזן טויט.

## פערציק יאָר

דו זע נאָר — מיר איז פערציק יאָר,
דו זע נאָר ווי געשווינד!
די גרײַזע נעץ אויף מײַנע האָר
זי שפּינט זיך און זי שפּינט...
נאָר ס'דאַכט:
אַ גוטן טרייסל מיטן קאָפּ, —
זי פאַלט ווי צווייט פון עפּלבוים אַראָפּ.

די וועלט איז יונג, דער אָטעם טיף
און רחבותדיק — די ווײַט.
מיט הייסן שאַפונגסטוי עס טריפט
פון אונדזער שנעלער צײַט.
ווער זאָגט —
שטעל אָפּ זיך זיסער אויגנבליק
ווען בלויז אין פלי, אין שטײַגן איז דאָס גליק!
ווי פריש קאָן זײַן אַן אַלטער שטאָם —
בײַם פאַלק האָב איך געקנעלט.
אַ, ווי געשמאַק איז אויפן טעם

די פרישקייט פון דער וועלט!
און אויסגעבענקט
און זשענדע איז דאָס הארץ,
ס'קלאַפּט מיט דער צײַט אַ יונגס, אַן אײַנגעשפּאַרטס.

אַ קינד פאַרשפּילט זיך און פאַרזעט
ווי אומבאַמערקט פאַרשווינדט
די קינדהייט און ס'איז וויינען שפּעט —
ס'קאָן וויינען בלויז אַ קינד...
נאָר איך האָב ניט פאַרשפּילט זיך פערציק יאָר —
פאַרטאָן כ'בין אין מײַן קאָכעדיקער וואָר!

*

מאיר חרצן

דאָס דינע, צאַרטע גראָז
קאָן שפּאַלטן האַרטן שטיין.
וואָס מיין איך מיט מײַן ליד?
אָט דאָס טאַקע איך מיין.

דער שטילער קילער קוואַל
פאַרענדיקט זיך מיט ים.
ווו ענדיקט זיך מײַן ליד?
געווים אויך ניט מיט „סתם".

נאָר ווײַט איז צו דער ענד,
עקשנות קאָווע איך.
ווי זעט מיר אוים מײַן ליד?
לחלוטין אומגעריכט!

# ווינטער

ס'איז טויזנט מאָל געדעכט
דער הארבער ווינטער, —
ווער ס'בייגט פאַר אים זיך ווי אַ קנעכט,
אָט יענעם שינדט ער.

ווער נאָכגיביק, אַ נעבעך איז,
דעם — גלייך דערשפּירט ער,
מיט שפּאָט ער שליידערט פון די פיס,
אויף טויט פאַרפרירט ער.

געלויבט זאָל זיין דער פראָסט,
די בייזע ווינגע,
מיט זיי זיך ראַנגלען איז ניט פּראָסט —
דאָס ווייסט מיין יוגנט!

נאָר האָט געהאַט דען אַ באַטרעף
דער פראָסט פון רוסלאַנד,
ווען ס'האָט געפלאַקערט גזשאַטסק און רזשעוו
און סטאַראָ־רוסאַ!

ווען ס'האָט געשליידערט אונדז דער האַס
אויף די באַצווינגער —
דער פראָסט געברייט האָט, ווי אַ פּוגאַס,
די הוילע פינגער...

ס'איז טויזנט מאָל געדעכט
דער הארבער ווינטער,

צו שלאַבעריקע איז ער שלעכט,
פֿאַר מוט פֿאַרשווינדט ער.

איך וויים פֿון דעם, ווי הייסער שוויים
דאָס בלוט צעוואַרעמט —
פֿון שווערער מי געווען איז היים
אין טראַנספּאָלאַריע.

געלויבט זײַ, האַרטע, קאַלטע ערד,
דו האָסט געלערנט —
דורך אַל דאָס בייז, וואָס מיר באַשערט,
כ׳זאָל מילדער ווערן.

# פ ר אָ ס ט

ער פֿראַוועט זײַנע וויסטע שטיק, דער פֿראָסט,
ער ברענט, ער שׂרפֿעט — אַזש די דעמבעס פּלאַצן,
און שאַרפֿע ווינטלעך מיט התמדה שלײַפֿן גלאָז
פֿאַר זײַנע לופֿטשלעסער, פֿאַרכּישופֿטע פּאַלאַצן.

ווי פֿייגל פֿרירנדיקע, שטערן שלײַכן דורך
און ס׳פֿאַלן פֿייגל ווי פֿאַרשטאַרטע שטערן...
דער פֿראָסט, ווי יענער מלך, איז צעדולט
פֿון פֿאַרגעפֿילן פֿינצטערע, פֿון שווערע,
ער שפּאַנט אַ צאָרנדיקער, אָטעמט אײַן מיט חשד
דעם דינעם ריח פֿון די אײַזבערגער און שנייען.
ס׳איז אַלץ אין גליווערניש. נאָר עפּעס איז ניט גלאַט
און וואָס אַזוינס? — פּרוּוו גיב אים צו פֿאַרשטיין!..

די באָרד צעקאָשמעט, נישטערט ער און זוכט
אין אַלע ווינקעלעך און פֿאַרדעכטיקע שפּאַלטן.
די ווינטן שטילט ער אײַן — צו הערן ווי אַ סקרוך,
צי זײַנען אפֿשר ווי בונטאָווּשטשיקעס באַהאַלטן?
„ווער קאָן פֿאַרלאָזן זיך אויף נידעריקע קנעכט,
וואָס חנפֿענען און פֿאַר די פּיס זיך שפּרייטן,
בפֿרט אויף די, וואָס טרוימען וועגן רעכט
און אין געהיים זיי בראַזגען מיט די קייטן!"

ער פֿראַוועט זײַנע וויסטע שטיק, דער פֿראָסט,
די דעמבעס פּלאַצן און די פֿייגל פֿאַלן
און קיינער וואַגט ניט זאָגן: באַלעבאָס,
אין באָרד בײַ דיר שוין פּלאָנטערן זיך שטראַלן...

# ענדע מאַרץ

ס'ווערט ווייניקער און שווערער
און געזעצטער
דער שניי דער לעצטער...

דער הימל איז נאָך גרוי
און נאָענט פון דער ערד,
מיט אַזאַ טיפער מילדקייט
אָטעמט ער פאַרקלערט.

און ס'וואַרטן,
וואַרטן, וואַרטן
די צווייַגן נאַקעטע,
גלייַך זיי וואָלטן
מורא האָבן
עפּעס וואָס פאַרשלאָפן.
און פוסטע שוואַלבן-נעסטן
קוקן בענקענדיקע
אין דער ווייַט
מיט מייַלער אָפן.

דער הימל איז נאָך גרוי,
נאָר ליכטיקער זיך ציִען
די בעריאָזעס.
און ס'צאַפּלט פּלוצעם אויף
אַ שטילע צווייַג.

כאָטש, ס׳דאַכט, קיין ווינטל
האָט פון ערגעץ ניט געבלאָזן,
און כאָטש
עס גנבעט זיך
אַ פרעסטל ביַי דער נאַכט,
פאַרבאָרגן אין מיַין האַרץ —
די זון
זי לאַכט:

ס׳ווערט ווייניקער און שווערער
און געזעצטער
דער שניי, דער לעצטער.

גאַליצינאַ, 1960

# בושלען פליִען

צום ווינטער איז שוין אָך־און־ווי,
ס'ווערט אויסגעריסן און פאַרשוואַרצט
דאָס לעצטע ביסל שניי...

פון אַלע דעכער קאַפּעט שוין,
פון אַלע רינוועס רינט,
און אויסגעשליפן יעדע צווײַג
האָט שוין דער שאַרפער ווינט.

און שטיקער וואָלקנס רײַסט פון זיך
די זון, און אָט, באַפרײַט,
זי שלײַדערט צו דער קאַלטער ערד
איר הייסע נאַקעטקייט.

די בושלען פליִען.
רחבותדיק דער הימל זיך צעשפּאַרט.
ס'ווערט גוט אין מיטן קילן טאָג,
ס'ווערט וואַרעם אומדערוואַרט.
די בושלען פליִען.
זעט נאַר, זעט,

ווי ס׳פּרייט זיך קליין און גרוים!
און אַלע הייבקראַנען אַרויף
די העלדזוער שטרעקן אוים...

פון אונטן שוועבט מיט אַל דאָס גוטס,
אַנטקעגן שוועבט מײַן וועלט,
זי שמעקט מיט קאָסמאָס און מיט ברויט,
זי שמעקט ווי מיר געפעלט —

מיט קינד און רינד, מיט קוואַל און ווינט,
מיט וואַלד און מיט צעמענט,
מיט פליגלפאַך, מיט שטײַפע טריט
און מיט געטרײַע הענט.

# בלאָטעס

ווער נעמט עס אָן פאַר ליב
די פרילינג-בלאָטעס,
די אומעטיקע כמאַרעדיקע נעץ?
נאָר ס'גילט, ווײַזט אוים,
אַזאַ געזעץ,
אַז דאָרטן ווו מע האָט
אויף ריינעם שניי געטראָטן,
מוז פרילינג ווערן
שמוץ און קוואַטש
און בלאָטע... ס'איז בלאָטע!
איכעט מיר אַ ווײ!
די זון וועט אײַנשלינגען
די לעצטע שפּורן
פון פאַרשמוצטן שניי,
ס'וועט ווערן טרוקן
און זוניק זײַן וועט אויף דער וועלט,
ס''וועט שטראַליק זײַן מסוכן,
און נאָכן ערשטן פרילינגדיקן רעגן
— — —
גרינג און דורכזיכטיק און גלאַנציק
די ערשטע גרעזלעך
וועלן אָנהייבן פון דר'ערד
ארויסצוטאַנצן.

## הײַנט איז דאָס געשען

בלויער הימל,
גרינע בלעטער,
שוואַרצע ערד —
הונדערט טויזנט מאָל
די קלאַנגען שוין געהערט,
זיי פאַלן גלײַכגילטיק
און בלײַבן ליגן,
ווי האַרבסטיקע, ווי טויטע פליגן.

נאָר גלייבן וועט איר מיר,
אַז הײַנט איז דאָס געשען,
אַז הײַנט האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען:
בלויען הימל,
גרינע בלעטער,
שוואַרצע ערד
הונדערט טויזנט מאָל
בלויער, גרינער, שוואַרצער
ווי געוויינטלעך.

# שטראָמען

ווײַזט אויס, דאָס וואַסער
האָט זיך קוים דערוואַרט
דעם דאָזיקן פֿרימאָרגן
ענדע מאַרט...

אַ גאַנצע נאַכט
האָט עס געברומט,
זיך אַלע מאָל צעקאָכט,
ניט אָפּגעגעבן פֿאַרן פֿראָסט
קיין ברעקל כּבֿוד.
ביז אין דער פֿרי...

די זון האָט זיך אַ ווײַז געטאָן
און ווידער זיך באַהאַלטן,
גלײַך „קאַץ־און־מויז"
וואָלט זי געשפּילט
מיט האַרבע ווינטלעך קאַלטע...
מיט יעדער סאָסנע־נעדעלע
ט'זיך אָנגעשפּיצט דער וואַלד:
אַ ווײַלע נאָר, אַ רגעלע,
אָט באַלד,
אָט באַלד,
אָט באַלד!

און וואָס געדינט האָט
אַלס אַ צייכן,
ווייס איך ניט —

ס׳קאָן זײַן אַ פײגלצװיטש,
צי פון דער זון אַ שמײכל,
צי אפשר מײַן געמיט.
נאָר ס׳האָט אַ פּלאַץ געטאָן
דאָס איַיז דאָס דינע
און קאַלוזשקעלעך — פריִער מוטנע —
האָבן פינקלענדיקער
אָנגעהויבן רינען...

דער װאַלד
האָט זיך צערױשט —
פון אַלע זײַטן האָט
געמורמלט און געשױמט,
געװאָרטשעט און געפּלױשט,
אױף שטרעמלעך זיך צעפּרעמדט,
אין שטראָמען זיך צונױפגעגאָסן,
אַנטקעגן זון — געברענט,
אין שאָטן — זיך געלאָשן,
אַרום די בערגלעך —
אין ספּיראַלן זיך געדרײט
מיט קינדערישער פרײד,
געלעכטער,
פּלאַפּלערײַ —
דאָס פרילינגדיקע װאַסער
אױף דער פרײַ.

# שאָטן

א שאָטן צו א שאָטן איז ניט גלײַך —
אין שאָטן ווערט א קוואַל געבוירן,
פונעם קוואַל — א טײַך.
בײַם בוים, וואָס איז מיט שאָטן רײַך
רוט אָפּ א וואַנדערער.
פון שווערן וועג א מידער,
גלײַכט ער מיט הנאה אויס די גלידער...

צום בוים מיט זײַנע שאָטנדיקע צווײַגן
געליבטע פּאָרלעך קומען גליקלעך
שווײַגן,
כּדי מיט קלאַפּנדיקע הערצער הערן,
ווי ס'דרייט זיך אונדזער ערד
צוזאַמען מיט די שטערן.

קינדער מיט געפילדער
קומען צו דעם בוים זיך שפּילן,
ס'ווערט זײַן שאָטן מילדער דאָן,
געדיכטער נאָך
און קילער...

אַ שאָטן צו אַ שאָטן איז ניט גלײַך —
ס'טרעפט אין אַ הייסן טאָג,
אַ שאָטן טוט אַ שניט
און שוין פאַרשווינדט פון אײַך,
און לאַנג נאָך זוכט איר מיט די אויגן
דעם פויגל, וואָס אָקערשט איז אַדורכגעפלויגן...

ווען ס'וועט זיך אויסלעשן
מײַן לעצטער אָטעם
און מענטשן וועלן מיך פאַרגלײַכן צו אַ שאָטן,
טאָ זאָל מען כאָטש מיך גלײַכן
צו דעם שאָטן פון דעם בוים,
ניט צו דעם שאָטן פונעם פויגל
וואָס טוט אַ שווינדל דורך
פאַרבײַ די אָפּגענאַרטע אויגן!

## אין אַ רעגנדיקן טאָג

און אויב די נידעריקע כמאַרעס
היינט שמייסן אייך מיט סומנעם רעגן,
איז וואָס?
שטעלט אָפּ זיך, מאַכט אַ וואַרע —
איר זעט ניט, ווער סע שפּאַנט אַנטקעגן?

ווי מלכותדיק זי שפּאַנט — געוואויגן,
פאַרחושט, אין זיך אַליין באַהאַלטן,
ניט פאַלן זאָל פון אירע אויגן
קיין גוטע טרער אויף שטיינער קאַלטע,
חלילה ניט!

דעם וועג טרעט אָפּ איר!
און ס׳נעמען אייך אַרום די שטראַלן
פון אייער מוטער ביים צוקאָפּנס

אין ווייטער קינדהייט... ווי עס פאַלן
און זוניק ווערט,
ס׳ווערט הימל-בלוי —
עס גייט אַנטקעגן אייך די שיינקייט,
עס גייט אַנטקעגן אייך די ריינקייט,
עס גייט אַ טראַגעדיקע פרוי!

## בײַם וואַסער

1

אויב אײַער אויג ווערט קיין מאָל ניט געזעטיקט
מיט ווײַטקייטן, וואָס ווייסן פון קיין ראַנד,
און אויך מיט יענעם מיקראָ־כּרך,
ווו ס'קאָכן זיך, ווו ס'ווימלען מורעשקעס
צווישן אַ שוואָם אין שאָטן פון אַ שטאָם
און שרײַענדיקע זונפלעקן אויף גרינס;

און אויב איר האָרכט זיך דאָרשטיק אײַן
אין שאָרך פון גראָז און בלאַט
און ס'פּײַניקט אײַך ביז הײַנט
דער הייסער ניט־געשטילטער חידוש
פאַר אַלץ, וואָס וואַקסט עקשנותדיק,
פאַרפלייצט מיט זון, מיט זאַפט,
מיט פּרוכפּערונג און מערונג, —
טאָ קומט מיט מיר.

— וווהין? —
צי שפּירט איר ניט
די שאַרפע פרישקייט, וועלכע שפּאַרט
אויף מײַלן ווײַט פון אַלץ אַרום?
איר הערט ניט, ווי דער ווינט שפּילט אויס
אויף סטרונעס פון קאַמיש
אַ לויבגעזאַנג דעם קילן שטראָם?

2

סע שפּיגלט אַלץ דאָס וואַסער אָפּ:
די שטערן צווישן צווייַגן שווימען,
דאָס מענטשלעך מזל, קאָפּ אַראָפּ,
פֿאַלט אין די שטראָמענדיקע הימלען.

צום גרונט פֿאַרציט עס וואָס איר ווילט,
כּדי, ווייַזט אויס, דאָרט ווייַטער שפּינען
די יאָרן, וואָס איר האָט פֿאַרשפּילט,
די רגעס, וואָס איר ווילט געווינען...

און אויב, צו מאָל, ווי אין אַ תּהום,
דער אמת פֿאַלט צום דעק אַ בלאַסער, —
ניט וואַרט, נאָר וואַרפֿט זיך קעגן שטראָם —
ווי בוימל קומט ער אויפֿן וואַסער,

דער אמת קומט! און זיכער זייַט:
זייַן קול דערשטיקן קאָן שוין קיינער.
ס'האָט אים די פֿלייצנדיקע צייַט
פֿאַרשלייַפֿט אויף אירע דימענטשטיינער!

און ס'טראָגט זיך צו דער זון די ערד,
און ס'גייט קיין שאָטן ניט פֿאַרפֿאַלן;
די שווערסטע עוולה האָט קיין ווערט,
ווען ס'יאָגט אַ טייַך, ווען ס'קוועלן קוואַלן!

# מיט דיר

גיט נאָר דער וואַלד —
אַ שוועמל וואָלט אַרוים פון זײַן באַהעלטעניש
און מיך געכאַפּט בײַם זאָגן ליגן,
אַ מינדסטער זונפלעק
וואָלט דאַן מיט מיר זיך קריגן,
איך וואָלט די שוואַלב אין הימל
אָנגעוואָרן.
און גוטע פרײַנד, זיי וואָלטן זיך
פאַרלאָרן,
ווען איך זאָל זאָגן, אַז אָן דיר
כ'האָב מײַנע יאָרן הפקרדיק צעשאָטן,
כ'האָב ניט געלעבט, זיך ניט געראַנגלט,
ניט געאָטעמט...

און דאָך,
פון זינט מיר האָבן זיך,
ווי טײַכן צוויי,
צונויפגעגאָסן אויפן וועג,
איז גלײַך מע וואָלט
אָט ערשט מיך אויפגעוועקט,

אַט ערשט מיך אויפגעמינטערט
אויף ס'נײַ צו שאַרפער פרישקייט
פון דער קינדהייט.
מײַן וואָר איז ליכטיקער —
מיט דיר,
מײַן וואָרט איז ציכטיקער —
מיט דיר,
מײַן מענטש ווערט וויכטיקער —
מיט דיר,
מײַן אמת — ריכטיקער —
מיט דיר!

*

ניט אַזוי דאָס פענצטער
ווי דאָס פײַערל אין פענצטער,
אפשר ביסטו ניט קיין שיינע,
נאָר בײַ מיר ביסטו די שענסטע.

ניט אַזוי די אייד׳לע ווערטער,
ווי דער פײַנער ניגון,
אפשר טאָר מען גאָרניט זאָגן
ווען יענעם פאַרגעניגן.

ווען איך זע דיך,
ווען איך שפּיר דיך,
ווען איך טרינק דײַן פרישן אָטעם,
ווען איך טראָג זיך אין דײַן שײַן
און ווען איך נידער אין דײַן שאָטן...

# ווילסטו...

ווילסטו —
קאָן איך דיך אַרומנעמען
לײַכט, לײַכט,
ווי ס׳נעמט אין וויג אַרום
דאָס קינד
אַ שמייכלענדיקער דרימל.

ווילסטו —
קאָן איך דיך אַרומנעמען
שטײַף, שטײַף,
ווי ס׳וויקלט זיך אַ ווינט
אַרום אַ פּלאַם,
ווען ס׳ברענט אַ שיף
אין סאַמע מיט
פון ים און הימל.

נאָר בעסער וועל איך דיך אַרומנעמען,
ווי ס׳נעמט אַרום אַ מענטש,
וואָס איז געשטראָפט מיט בענקשאַפט
און געבענטשט!..

## שוואַנגערשאַפט

ווי די לבנה־שטראַלן
אין דער נעץ פון בלעטער
באַהאַלטן זיך דורך צניעותדיקע ווִיעם
דײַנע אויגן.
ווי ס'טרעפט אַ קלאָרער זומערטאָג
אַ שפּעטער
און איבער אים אַ רעגן־בויגן,
ווערסטו שטילער אַלץ
און קלאָרער,
און פאַרקלערטער,
און ס'לײַכט אַרויס פון דיר
אַ חידושדיקער חן,
ווען ביסט מיט לײַב־און־זעל
אַן אײַנגעהערטע
צו זיך אַליין...

און איין מאָל —
ס'טרעפט אַ נאַכט אַזאַ מין —
ווען דו מיט אויגן אָפענע דו רוסט,
פלוצעם — נאָענט, בײַ דעם האַרצן סאַמע
הינטער מילדער בענקענדיקער ברוסט —
דער ערשטער שטויס — — —
און זע נאָר, ס'איז די וועלט
פון אירע ברעגעס ניט אַרויס!

## איר מיינט?

איר מיינט, אַז פון קאַיאָר גייט אויף די זון,
אַז דעמאָלט ערשט ווערט פריילעך אויף דער וועלט?
איר זייט זיך טועה —
ליכטיק ווערט,
און יעדעס גרעזל פול מיט שימחה קוועלט,
ווען ס'עפנט אויף
די ריינע אייגעלעך
מײַן זון —
ווי אָרעם זײַט איר
אויב איר ווייסט ניט פון דערפון.

# מײַן פֿאַרמעגן

וואָס איז מײַן פֿאַרמעגן,
אויב איר וועט מיך פֿרעגן? —
לידער,
לידער,
לידער דרײַ
איז מײַן גאַנץ פֿאַרמעגן.

דאָס ערשטע ליד איז בערעלעס,
דאָס צווייטע ליד — זײַן מאַמעס,
דאָס דריטע ליד איז ביידעמענס
און אַלעמענס צוזאַמען...

וואָס זשע איז דאָס „אַלעמענס",
וועט איר בײַ מיר פֿרעגן?
אַלעמענס איז גאָר די וועלט,
וואָס ווייסט ניט פֿון קיין ברעגן!

1960

# אַ גוטע שטימונג

אַ גוטע שטימונג דאַרף מען זוכן היינט מיט ליכט:
דאָס איינגעגעסן ווינטל אין די ביינער קריכט.
קיין סימן פון קיין זון. ווי שלעכט פאַרוואַשן וועש
די כמאַרעס באַמבלען זיך איבערן קאָפּ
און ס׳וואַרט מיין מוזע ביזן גרויען צאָפּ,
זי קוקט אַרוים, ווייזט אוים, נאָר אויף אַ נס.

און בלייבט עס צווישן אונדז, וואָס איך דערצייל אייך,
אַז אויך אין קעשענע ביי מיר איז גאָרניט פריילעך.
פון דעסטוועגן, איך ווייס נאָר ניט פאַר וואָס —
היינט איז מיר גוט און כ׳האָב ניט קיין פאַרדראָס.
סע זינגט זיך און דעם ניגון שפרייט איך אוים
פאַר יעדן דורכגייער אויף אַט דער גרויער גאַס,
מיט נעץ און ווינט איך לצעווע און שפּאַס
און שטיקער פרייד איך טייל פאַר קליין און גרוים.
מיין טראָט אַ גרינגער איז, אַ לוסטיקער, אַ שטייפער,
נו און דער דלות מיינער? — אויפן דלות פייף איך!
נו און דער וועטער? ס׳וועט די זון געווים נאָך זיין
און די נשמה וועט זיך באָדן אין דער שיין
פון פרישן פרילינג...
אָבער וואַרט, פון וואַנען גייט
די ליכטיקע פאַרפלייצעניש פון פרייד?
וואָס בין איך עפּעס מלא-שׂימחה היינט?

וואַרט, וואַרט...
גאַנץ פרי,
כ׳דערמאָן זיך שוין, אַט באַלד —
גאַנץ פרי האָט זיך צום ערשטן מאָל צעשטראַלט
מיין קינדס אַ שמייכל.

# קינד און ים

דערמאָנט וואָלט איך זיכער
דאָס קינד און דעם ים,
נאָר ווי זאָל איך זוכן די פּאַסיקע ראַם?
די ראַם און דעם גראַם,
אַז פֿאַרגאַפּט זאָלט איר זײַן,
ווי איך אַ פֿאַרפּלייצטער פֿון זוניקער שײַן.

ווי גרויס איז דער ים
און ווי קליין איז דאָס קינד,
ווי שטיל צווישן ביידע, ווי לינד איז דער ווינט!

ווי ס'פּליעסקען די קינדערשע הענטעלעך צו
דעם ים, וועלכער ווייסט ניט קיין רגע פֿון רו.
ער קראַכט און ער ברומט אין דער ברייט, אין דער ווײַט,
באַגלײַך ער וואָלט ערשט זיך פֿון פּענטעס באַפֿרײַט,
צום ברעג זיך געבראָכן, כּדי דאָרטן שטיל
מיטן קינד, מיטן ברעקל, פֿאַרפֿירן אַ שפּיל.

ווי קליין איז דאָס קינד
און ווי גרויס איז דער ים —
די ערד און דער הימל — די פּאַסיקסטע ראַם.
אַהער צו קומט, מענטשן, אין ראַם קוקט אַרײַן,
ווי איך אַ פֿאַרפּלייצטער פֿון זוניקער שײַן:

ס׳לאַשטשען זיך די גוטע כוואַליעס
צו די קינדערישע פיסלעך,
פריִער פּאַרזיכטיק, ביז וואַנען
מע געוווינט זיך איַין צו ביסלעך —
קינד צום ים
און ים צו קינד...

ס׳גאַפּט און אָטעמט ניט דער ווינט:
אין אַ זומערטאָג אַ שטילן
קינד מיט ים בײַם ברעג זיך שפּילן.

# בלעטערפאַל

א

אַזאַ מין מאָדנע מילדער האַרבסט
איז אויסגעפאַלן הײַיאָר —
דאָס בלעטל וואַרפט זיך פון דעם צווײַג,
ווײַל ס'איז די ערד אים טײַער.

מיט בענקשאַפט קושט עס אוים די טריט
בײַים דורכגייער צעשטרײַטן,
און שײַן מיט שאָטן טוישן זיך
אויף שאַרכענדיקע ווײַטן...

און אָט איז שוין דער גאַנצער סקווער
מיט בלעטערפאַל פאַרשאָטן,
מיט בלעטערפאַל איז פול די לופט,
מיט בלעטערפאַל איך אָטעם.

אַזוי פיל גאָלד, אַזוי פיל גוטס
פאַר קינדער און פאַר זקנים,
פון גאָר קיין זאַך באַוואָרנט איז
און ניט באַהיט פון קיינעם!

אין הויפנס קערט מען עס צונויף.
און שײַטערס נעמט מען צינדן,
און ס'רופן פלעמלעך פון דער ווײַט:
לויפט, קינדערלעך, געשווינדער!

די בלעטער ברענען אוים אָן רעש,
זיי שטאַרבן אָן אַ טענה,
ווײַל קינדער שפּרינגען אין אַ ראָד
און קוויטשען אַזש פון תּענוג!

און ס׳פאַלן בלעטער מיט אַ קלונג,
ווי בראָנדזענע מעדאַלן...
קומט אויך אויף דעם טווערסקאָי בולוואַר,
אויב איר זײַט נאָר אַ בעלן!

ב

אַזאַ מין מאָדנע מילדער הארבסט
איז הײַיאָר אויסגעפאַלן.
די זון מאַכט יעדן גליקלעך הײַנט
מיט אויסגעציילטע שטראַלן,

זי ציילט און צאָלט מיט פולער האַנט,
מיט זונפלעקן — פיטאַקלעך
און פרעגט דערבײַ: צי ברענגסטו וואָס
צום האַרבסטיקן סך־הכּל?

צי האָסטו רײַפע פרוכט געבראַכט
און וויפל און ווי טײַער?
אַזאַ מין מאָדנע שטרענגער הארבסט
איז אויסגעפאַלן הײַיאָר!

# מאָזשײַסקער שאָסיי

פון בײדע זײַטן סאָסנעוואַלד,
אין מיטן — דער שאָסיי,
פאַר זײַן גערויש רוקט טיפער זיך
אין וואַלד אַרײַן דער שניי.

אין קילער פרישער טונקלעניש
דער וואַלד איז אײַנגעהילט,
און דעם שאָסיי דעם היציקן
זײַן שאָטן שענקט ער מילד.

אָט שפּרינגען זשוואַווע ווערוועקעס
פון סאָסנע גלײַך אין שניי,
ווי שטיפערישע פײַערלעך —
ס׳ווערט וואַרעמער פון זיי.

זיי שפּרינגען צו, ווי שרעטעלעך,
צום ראַנד פון דעם אַספאַלט:
די אויטאָסטראַדע היימיש איז,
ווי היימיש איז דער וואַלד.

ווי עפּעס רעכטס באַשמעקן זיי
די פלעקן פון בענזין
און ס׳מישן זיך מאַשין־גערויש
מיט וואַלדגערויש, מיט ווינט.

סע אַרט זיי ניט, די וועווערקעס,
דער טומל פון שאָסיי,
זיי ווייסן ניט, די נאַרישע,
קיין טאַנק און קיין טראַנשיי, —

וואָס הייסט אַ שליאַך „באַזאָטלען" גאָר
אויף ברענענדיקער ערד,
קיין שיסעריי, קיין אויפרײַסן
זיי האָבן ניט געהערט.

און זייער גוט. זאָל קיינער מער
ניט ווייסן, וואָס איך ווייס,
ווײַל מײַן זכּרון שלאָפלאָז איז
און וואַך מײַן בלוט מײַן הייס.

## בײַ אַ גלעזל טיי

ס'איז ניטאָ קיין בעסערס,
ווערליק איך פאַרשטיי,
פון אַ גלאָז אַ הייסער,
שטאַרק פאַרקאָכטער טיי.

און בפרט, מע קומט אַרײַנעט
פון אַ האַרבן פראָסט —
ס'פינקלט און סע שעמערירט,
ס'ווינקט און זינגט די גלאָז

און דערצו — די היימישלעכע
פלעצעלעך מיט מאָן,
אויסגעבאַקן קרוכלע,
ווי מײַן ווײַבל קאָן.

הײַנט די שיינע לימענע
לאָזט הערן זיך אויף מײַלן!
ס'ווילט זיך זיצן בײַ דעם טיש,
אין ערגעץ זיך ניט אײַלן...

און דער סערוועט קלאָר איז,
און דער לאָמפּ איז העל,
און אַזאַ מין אויסגעבענקטע
בײַ מײַן טיר — די שוועל.

קומט אַרײַן, חברים,
ליבע מײַנע פרײַנד,
זאָל, חלילה, זיך ניט לעשן
אַלץ וואָס בײַ מיר שײַנט!

מירן זיך דערמאָנען
ווי, ניט היינט געדאַכט,
זיינען מיר פאַרבליבן
געציילטע נאָך אַ שלאַכט.

מירן שווער פאַרשוויַיגן,
וואָס און ווער אונדז פעלט.
ענגלעך אונדזער קריַיז איז,
רחבותדיק — די וועלט.

מירן טיילן זיך מיט נחת
פון אייגן קינד און ווייַב,
גליַיך ס׳וואָלט ניט געוועזן
קיין ווי,
קיין ווינט,
קיין וויַיט...

די אָרדנס אין די שופלאָדן
גאַנץ אָפּטלעך מיר פאַרגעסן,
נאָר אונדזער לייַב פאַרבליבן איז
פון שראַמען אויסגעפּרעסן.

ניט נאָר צוליב זיצן
געמיטלעך ביַי דער טיי...
אונדזער יוגנט וואָך איז,
וועדליק איך פאַרשטיי!

## ווען כ׳וואָלט אין אַלאַבאַמאַ זײַן...

קיין בירמינגעם וואָלט איך אַרײַן,
אַרײַנגעשניטן זיך אין מיט —
איך מוז אַצינד אַ נעגער זײַן,
ס׳איז ווייניק מיר, וואָס כ׳בין אַ ייִד!

רציחה טעמפּע אויפֿן טעם
כ׳האָב אויך ניט איין מאָל שוין פֿאַרזוכט, —
ביז הײַנט מיט חלף, גיפֿט און פֿלאַם
דער טויט נאָך ערגעץ ווו מיך זוכט.

נאָר ניט געבראָכן איז מײַן שפּאַן,
מיט צאָרנדיקן האַס איך שפּײַ
אויף ראַסנהאַס,
אויף קו־קלוקס־קלאַן
און כ׳שטעל זיך ברודעריש געטרײַ

מיט שוואַרצע און מיט ווײַסע לײַט
דעם טויט אַנטקעגן: — קיין מאָל ניט!
ניט אומגעקערט וועט זײַן די צײַט,
ווען מענטש פֿאַר חיה האָט געקניט!
אין אַלאַבאַמאַ — ווען כ׳בין איצט —
אין סאַמע קאָך פֿון דעם געשלעג.

כ׳וואָלט דורכגעבראָכן, ווי אַ בליץ,
צו דיר, מײַן נעגער־פרײַנד, אַ וועג.

מײַן הויט איז ווײַס
און דײַנע — שוואַרץ,
נאָר אָפן, ברודער,
איז פאַר דיר מײַן האַרץ.

איז פויסט צו פויסט,
איז — גליד צו גליד.
איין לופט בײַ אונדז,
איין פּײַן, איין שײַן —
ס׳איז ווייניק מיר וואָס כ׳בין אַ ייִד,
איך מוז נאָך אויך אַ נעגער זײַן!

# ס אָ נ ע ט

געווידמעט נפתלי הערץ כהן

צי דען פאַרמאָגט אַזאַ מין שפּרוך,
אַזאַ מין כּוח האָט מײַן שפּראַך? —
דורך אַש־און־פּאַרעך, פוך־און־פּראַך,
דורך ברוך־און־בראָך זי ברעכט זיך דורך.

צו להכעיס — אירע וואָרצלען טיף
דערגראָבן זיך צום קילסטן זאַפט.
איר קרוין מיט קרוינען — ברודערשאַפט,
ווי קרובהשאַפט פון שריפט מיט שריפט...

ס'פאַרמאָגט מײַן שפּראַך אַזאַ מין שפּרוך —
אויף טיל־און־תּל זי טראָגט איר פרוכט:
פון זעקס מיליאָן — דאָס ניט־דערזאָגטע.

יאָ, ניט אומזיסט אַ שפּריכוואָרט זאָגט:
אויף אַלץ וואָס ענדיקט זיך — „עס טאָגט"...
איך ענדיק מיין סאָנעט —
עס טאָגט שוין!

## וואָס ציטערסטו אַזוי?

מײַן טײַערע, מײַן אײנציקע,
דו זײַן זאָלסט מיר געזונט,
וואָס ציטערסטו אַזוי פון שרעק —
ס'איז ניט קיין יאַטקעהונט...

דיר דאַכט זיך, נאַרעלע, ער יאָגט
און טראָגט אין פּיסק אַ ביין,
אויף מיר און אויף מײַן הויזגעזינד
ער שטשירעט בייז די ציין...

שפּײַ אויס דרײַ מאָל, מײַן טײַערע,
פון שרעק דו ביסט צעמישט...
צי זעסטו ניט — ס'איז אונדזער פרײַנד,
וואָס פלעגט אַ מאָל בײַם טיש

פאַר פרײַנדשאַפט אויפהייבן דעם כּוס,
געוווּנטשן אַל דאָס גוטס,
בײַ אונדזער פײַער אין אַ קעלט
געפינען פלעגט ער שוץ.

באַרויִק זיך, באַרויִק זיך, —
ס'איז אונדזער גוטער פֿרײַנד
און טראָגן טראָגט ער פּשוט ברויט,
אומשולדיק ברויט, מיר שײַנט...

יאָ, אונדזער אַלטער גוטער פֿרײַנד,
ער טראָגט אַ לאַבן ברויט,
אַן אויסגעביטנס אויף מײַן האַרץ
וואָס איך האָב אים פֿאַרטרויט!

# הינט

הינט.
דײַטשישע שאָפּהינט,
גרויסע, גרויע, טרײַע,
מיט ברייטע ברוסטן —
כאַטש לייג אַוועק אויף זיי
דײַן מידן קאָפּ
און מאָל זיך וועלטן אויס
פון וואָלקנדלעך,
וואָס פּיטערן זיך
פרידלעכע
ביז צו די קני — אין בלויקייט.

הינט,
אין חלום כאָטש זעט איר
אַ היימישע לבנה
וואָס שמעקט מיט מילך און היי?
צי קומען ווען אין חלום אײַך
די ריחות ווײַניקע
פון וואַרעמע און שטילע שאָף,
ווען איין אויג דרימלט זיס,
דאָס צווייטע — וואַך איז
צום ווײַטן סודותדיקן וואַלד?

נאָר ניין,
וואָס פאַר אַ שייכות האָט
די טרויערדיקע דאַינע פונעם פאַסטעך
צום האַווקענדיקן אויפרוף:
„האַלט, פאַרפלוכטער יודע!"

ווי קומט דאָס דורכזיכטיקע רויכל
פון אַ שײַטער אויפֿן סטעפּ
צום שווערן רויך
פון קרעמאַטאָריע־קוימענס...

הינט.
ריינע, זאַטע, געכאָליעטע,
זיי באַגלייטן צו דער אַרבעט
און צום טויט.
פון די ציימלעך ביי די וואַכלייט
שפּרינגען זיי און רייסן זיך
אויף אונדזער הונגעריק און קויטיק לײַב
און ס'פלאַקערן זייערע צינגער
צווישן בלאַנקע, שטאַרקע ציין — —

הינט.
דײַטשישע שאָפהינט.
די וואַכלײַט אײַערע
זיי זײַנען שוין פאַרפאַלענע,
נאָר אײַך —
מיר וועלן אײַך נאָך אומקערן
פון ווילדעניש
צוריק אַ היים!..

# קיינער ווייַנט שוין לאַנג ניט...

קיינער ווייַנט שוין לאַנג ניט,
קיינער לאַנג שוין קלאָגט.
און קיין געוויין כ׳פאַרלאַנג ניט,
ווען הייַנט אויף ס׳ניַי איך זאָג:

קברים אויף די וועגן, היימען אין רויִנען,
ווער ס׳וויל אייַך פאַרגעסן — זאָל קייַן רו געפינען,
זאָל דער בעסטער ביסן בלייַבן אים אין האַלדז,
שטיינער אויפן האַרצן אים, אויף די ווּונדן — זאַלץ.
זאָלן אים אַרומרינגלען פאַרבלוטיקטע די קדושים,
ווייַל די גראָזן שייַנען, ווייַל די שטערן רוישן,
ווייַל די קינדער וואַקסן
און צו דעם ביקפאַרדקנויט
גנבעט זיך פאַרעקשנט
ווידער שוין דער טויט.

ס׳גנבענען זיך צינדער אויפרייַסן די וועלט
מיט איין ווייסטער האָפענונג: זכרון אונדז פאַרפעלט.

קיין מאָל ניט פאַרגעסן! קיין מאָל ניט פאַרגעסן!
אין האַרצן די פאַרגאַנגענהייט, ווי פּולווער אין די פעסער.
פאַרצויגן שוין די ווּונדן? — ס׳גייט אום,
ס׳גייט אום דער אכזר.
ס׳איז גאָרניט ניט פאַרשווּונדן!
וואַך זייַ, ברודער, וואַך זייַ!

# אויף דער וואַך

די בריוו דײַנע, מיט פּערל־כּתב געשריבן,
האָב איך צונויפגעקליבן.
אין ליכטיקע, אין פרישע שטראָמען
די שורות פליסן צו דײַן נאָמען...
און אויפן האַרצן עטוואָס גרינגער ווערט,
ווען ס'רײַסט זיך אָפּ ניט־ווילנדיק אַ טרער...
נאָר פלוצעם גיסט זיך אָן מיט ביטערן פאַרדראָס,
מיט מורמלענדיקן בלוט איעדער אות.

— זוכסט רו אין טיפן שאָטן פון דײַן טרויער
און איך וועל וועקן, וועקן אויג און אויער,
איך וועל זיך שטעלן, ווי אַ זעלנער אויף דער וואַך
בײַ יעדן טאַט, בײַ יעדן חלום אין דער נאַכט
און בײַ דײַן סאַמע ליכטיקן געמיט,
און בײַ דײַן סאַמע שענסטן ליבעליד —
איך וועל זיך שטעלן אויף דער וואַך פון דײַן זכּרון,
דו זאָלסט די שווערע לאַסט פון אומרו און פון צאָרן —
דעם אוצר גרויזאַמען, וואָס מיר פאַרמאָגן,
צו דײַנע ווײַטע קינדסקינדער דערטראָגן...

# כ׳וויל גוט זײַן

הײַנט מעג די שטילסטע טויב
אויף מײַנע דלאָניעס
נידערן...
כ׳בין אויף ס׳נײַ פון אַש־און־שטויב —
מיט מענטשן זיך פאַרברידערן.

און די פאַרביטערטקייט גייט אָפּ
דורך שאָטנדיקע געסעלעך,
מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ,
כּמעט ווי אַ פאַרגעסענע.

אָ, וואַרט!
דו גיי נאָך ניט אַוועק,
מײַן טייטנדיקע ביטערניש!
דו דין מיר צו —
פאַריאָג די שרעק,
וואָס האַלט אַ וועלט
אין ציטערניש.

אויף ס׳נײַ פּאַסקודיען זיי די ווענט
מיט האַקנקרייץ דעם גיפטיקן,
און זע —
מע וואַשט דעם תּלינס הענט
פאַר פעלקערמאָרד, פאַר קינפּטיקן!

מען קלערט —
מײַן צאָרן איז פאַרשפּאַרט
אין קברים פּילמיליאָניקע:
פּאָנאַר, טרעבלינקע, באַבי יאַר
דערמאָנען ניט און מאָנען ניט!..

— — — — —

אָ רוצחים־טריט געמאָסטענע, —
כ׳וויל זײַן אַ גוטער,
לאָזט מען ניט!

## צום זון

כ׳שטעל אונטער מײַן געזונטן קאַרק
און קריך אַרויף, מײַן זון.
נאָר האַלט זיך, בחור, האַלט זיך שטאַרק —
אויך דיר ניט גרינג וועט זײַן!
אַ בייזע ווײַוגע בײַטשן וועט
אין פּנים דיר, אין ברוסט...
פאַרעקשנט זאָלסטו בײַשטייען
און בײַקומען דו מוזסט.

וועסט בײַקומען, וועסט זוכה זײַן,
ס׳איז דיר, מײַן קינד, באַשערט
פאַרפלאַנצן רעגנבויגן-שײַן
אויף אויסגעבענקטער ערד.

און וויים, און וויים — דו ביסט געבענטשט
אַרויסברענגען מײַן גאָב —
די גרויסע גוטסקייט צו דעם מענטש,
וואָס איך פאַרשוויגן האָב.

# מ ע נ ט ש ן

אויף מענטשן דאַרף מען קוקן אַן פּאַרדאַכט,
ווי די לבנה קוקט אַראָפּ אויף די פאַרליבטע
אין אַ שטילער זומערנאַכט.

אויף מענטשן דאַרף מען קוקן, ווי די ווערבע
אין טײַך אין קלאָרן,
און ניט פאַרגעסן — מענטשן זײַנען שטערבלעך,
ניט קירצן זיי די יאָרן.

אויף מענטשן דאַרף מען קוקן, ווי אין הימל —
די דאָרשטנדיקע ערד,
גלײַך ווי זי וואָלט גאָר קיין מאָל, קיין מאָל
קיין באָמבע־אויפרײַס ניט געהערט.

אויף מענטשן דאַרף מען קוקן, ווי אויף קינדער,
מיט גוטע אויגן.
און ווער ס׳קוקט אַנדערש — איז אַ וווּנדער,
ווי האָט ער מוטערמילך געזויגן.
און ווער ס׳קוקט אַנדערש,
דער האָט אונדזער צײַט פאַרשלאָפן,
און ווער ס׳קוקט אַנדערש,
דער זאָל אויף קיין מענטשלעכקייט ניט האָפן!

*

אָפּגעגעסן האָב איך גאָר ניט לאַנג,
אויסגעטרונקען האָב איך אויך — אַ דאַנק!
נאָר זעט איר, אַ גלאָז טיי,
— אַ שטאַרקע און אַ הייסע —
מהיכא־תיתי!
ווײַל כ׳בין שוין אַ געגעסענער
און כ׳בין שוין אַ געטרונקענער,
איך בין שוין אַ געזעסענער
און כ׳בין שוין אַ געזונקענער,
און כ׳בין אַן אויפגעגאַנגענער
— ווו כ׳בין ניט קיין פֿאַרזייטער —

איז גיסט מיר אָן אַ גלעזל טיי,
ווײַל כ׳בין ניט קיין געטייטער!

1958

*

ביזן גרוב — איך וויל ניט
און איך וועל ניט
אָנווערן מײַן דאָרשטיקן
עקשנותדיקן גלי.
לאָמיך פֿאַלן
אויף די שטראַלנדיקע שוועלן
פֿונעם סאַמע
שענסטן אינדערפֿרי!

ס'וועט ניט באַנג טאָן,
אויב איך וועל ניט גרייכן
צו אַט יענעם גליקלעכן
און מענטשלעכסטן קאַיאָר.
אַזאַ אומקום
לייגט זיך אויפֿן שׂכל,
ווי דער שמייכל
אויף די ליפּן פֿון מײַן בכור.

## פרילינג 1955

עם טוישן זיך
דער הימל און דער וואַלד,
די מענטשן און די גאַסן
אינעם כוואַליעכלעך־געווימל
פונעם וואַסער.
און ס׳בליט אויף סנייַ אין מיר
די אַלטע וואָר,
אַז יעדער קלייניקייט אין פלום
געשליפן ווערט און קלאָר.

דורך ווי פאַרשוויגענעם,
און דורך פאַרטויבט געוויין
אַ תּפילה צי אַ שפּרוך
איך זאָג צו זיך אַליין:
ניטאָ קיין פרייד
ווען וואַסער שטייט.
פלייץ, וואַסער, פלייץ
געזונטערהייט!

*

זעץ איך זיך צו בײַ דעם בויגן פּאַפּיר —
שפּרייטן זיך פעלדער פאַרשנייטע פאַר מיר

און בײַ דעם ערשטן פאַרשריבענעם אות —
פײַפט שוין דער ווינט און סע שטאַרקט זיך דער פראָסט...

גלײַך ווי די סטראָפע געשלאָסן נאָר ווערט,
פויזען מיר צוגעדריקט האַרט צו דער ערד.

דעם שונאס טראַנשייען — אָט זײַנען זיי באַלד
און עמעצער רופט שוין און עמעצער פאַלט,
און עמעץ פאַרשווײַגט שוין דאָס לעצטע געשריי — — —
— — —
שורות, ווי שנירעלעך בלוט אויפן שניי.

# ג ע ז ע ג ע נ י ש

אויב איינזאַם וועט קומען מײַן פערד אויף צוריק
און טרויעריק נייגן זײַן קאָפּ צו דײַן פלויט,
דײַן ווייגעשריי, שוועסטער־מײַן־כּלה, דערשטיק —
ניט גלייב, אַז דער שׂונא האָט מיך שוין געטייט.

און וועט מען דיר ברענגען ס׳פאַרבלוטיקטע העמד,
דו וועסט עס דערקענען — פאַרברעך ניט די הענט —
איך לעב נאָך, איך שטיי אויף די פיס און איך שלאָג,
ווײַל דו ביסט מיט מיר און מיט מיר איז דער טאָג.

נאָר וועט מען דיר ווײַזן מײַן ביקס און מײַן שווערד —
וויס, אַז געפאַלן בין איך פאַר מײַן ערד.

יולי 1941

# די שווערד

אשר שוואַרצמאַנען

אַ מאָל איז אַ דיכטער געפֿאַלן אין שלאַכט,
האָט מען פֿון דאָרטן זײַן שווערד מיר געבראַכט...

אַ שווערד ווי אַ שווערד, נאָר זי זינגט אינעם גאַנג,
ער האָט זי געשלײַפֿט בײַ זײַן שענסטן געזאַנג.
היט איך זי אָפּ, ווי דאָס אויג פֿונעם קאָפּ,
קיין שטויבעלע פֿאַלט אויף איר שאַרף ניט אַראָפּ.

די טײַכן און בערג און דאָס פֿריידיקע ליד
פֿון פֿעלדער און וועלדער אין רוישיקן בליִ,
מײַן קינד און מײַן מאַמע, מײַן הימל און ערד
שפּיגלען זיך אָפּ אין דער לויטערער שווערד.

ווי קאָן זיך פֿאַרטעמפּן איר מעכטיקער בלאַנק —
ער האָט זי געשלײַפֿט בײַ זײַן שענסטן געזאַנג.

דער שווערסטער געראַנגל — ער הייבט זיך שוין אָן —
לאָמיר אַ הייב טאָן די שווערד, ווי אַ פֿאָן!

אַ מאָל איז אַ דיכטער געפֿאַלן אין שלאַכט,
האָט מען פֿון דאָרטן זײַן שווערד מיר געבראַכט...

## צושליסן טיר־און־טויער

צושליסן טיר־און־טויער —
אַלץ איינס פאַר פרייד, ווי פאַר טרויער.

פאַרגעסן די שטוביקע שוועלן,
אויב זיי פירן צו טיפן פון עלנט.

איינס איז אין לעבן איצט נייטיק:
טרעפן דעם פײַנט און אים טייטן.

די גיפטיקע אויגן פאַרשפּײַען
מיט צאָרנדיק בלײַ און פײַער.

פאַרשפּײַען דעם רוצחישן פּרצוף
ביזן בלוט, ביזן ביין, ביזן האַרצן!

כּל־זמן דאָס געביין וועט ניט פוילן
פונעם לעצטן פאַשיסטישן קוילער —

צושליסן טיר־און־טויער —
אַלץ איינס פאַר פרייד, ווי פאַר טרויער —

הינטער מאָסקווע, 1941

# היימלאַנד

1

פאָטערלאַנד, מײַן אויסדערוויילטער ווײ,
מײַנע ליפּן לעש איך אין דײַן שניי...

אין דײַן אומרו איז מײַן בליק פאַרשאַרפט,
ווייסטו, וואָס אין לעבן איך באַדאַרף? —

זײַ מיר נעענטער פון מײַן געזאַלצן העמד,
ווען דאָס האַרץ פון בענקשאַפט איז פאַרקלעמט.

ווען אַרום איז חושכדיק און שוואַרץ,
זאָל דײַן ליד אַ שטראָם טאָן פונעם האַרץ.

זאָלסט זיך שפּיגלען אין מײַן לויטערן געוויסן,
און ווען איך פאַל, די אויגן מיר פאַרשליסן.

2

פון אויגן מײַנע נעם די שײַן,
פון לונגען — דאָס געדעך,
לאָז איבער מיר דעם האַס צום פּײַנט,
דאָס רעכט אויף זײַן גערעכט!

קיין קינד, קיין רינד, קיין ברעקל דאַך,
און ס'איז מײַן לײַב צעאַשט...
צי דאַרף אַזאַ מין מענטש אַ סך?
לאָז איבער מיר דעם האַס!

ווי אויף דער תּליה קרעכצן שטריק,
סע קרעכצט מײַן בלוט אין אָדער —
מײַן ערד, מײַן ווײַב פאַרגוואַלדיקט ליגט
און ווײנט, און מאָנט, און פאָדערט.

סע שלײַדערט מיך אַרום איר פּײַן
און טרײַבט מיך אום און רודפט —
לאָז איבער מיר דעם שטאַרקן ווײַן
פון שׂונאָס לעצטן שווידער!

# שינאה

מײַן שינאה ז׳וואַגיק־שווער:
זי וועגט
אַ בלוטנדיקע ערד,
וואָס ליגט פאַרגוואַלדיקט,
לעכצנדיק נקמה;
זי וועגט
אַ זעלנערישע טרער
בײַם בלוי־פאַרשטילטן ברודערלײַב
אויף שליאַכן פון מלחמה...

איר וויג —
אַ שטאַרער מוטערלעכער בליק,
וואָס ווייסט:
ס׳וועט זיך ניט אומקערן צוריק
די לעצטע טרייסט...

זי וועגט אַ שווערע בענקשאַפט,
וועלכע ציט
צו היימישע פאַרשמאַכטע שליאַכן
און טעג, ווי יאָרן, זי פאַרגליט
אין האַרץ דעם דאָרשטיק־וואַכן.

אַז ווייל איז דעם וואָס הייבט זי אויף
אויף זײַנע פּלייצעס פּעסטע
און מײַדט ניט אויס קיין טראָפּן ווײ,
קיין טרערעלע פאַרגעסט ניט.

און קאָן זי ריכטן שאַרף געצילט,
אין שונאס האַרץ געדיכטן. —
קיין לעבן איז פאַר דעם ניט פיל —
דעם טויט אויף טויט פאַרניכטן!

1943

# אין נאַכט פון נײַיאָר

אַ שטורעמווינט, אַ ווירבלווינט, מע זעט ניט אויף קיין שפּאַן,
שנײַי פאַרשמיסן אַלע שליאַכן. ברודער, גיב די האַנט
און ווײַטער קום, זאָל פירן אונדז די האַרבע ווײַטע שײַן
פון העכסטן דין געלײַטערטן —

עין תחת עין!

אַ שטורעמווינט, אַ ווירבלווינט — אַ חושך אויף דער וועלט,
קאַלטע כמאַרעס אויף די אויגן האָבן אַלץ פאַרשטעלט,
חוץ דאָס רעכט אויף שאַרבנבראָך פאַר מײַן גערעכטער פויסט,
און דאָס איז איינס אויף גאָר דער ווײַט
און גאָר און שוין און אויס...

# אין אַ ייִדיש דאָרף

1

אונטער ווײַנשלביימער האָבן זיך צעשאָטן
ווײַסע שטיבער.
איבער אַלץ — אַ שאָטן
פון אַ באָמבאַרדירער...

אומגעוויינלעך איז דער הימל בלוי
און טריפט
אַ טיפע שטילקייט אויף די דעכער,
און בײַ אַ שוועל
אַ מיידעלע פּאַרטרויט
שפּילט אין זונענפלעקן, ווי מיט צייכנס...
און ס'ליגט איר בײַ די פיס
אַזאַ געהאַרכזאַמער דער סטעפּ,
פאַרזשמורעט אין אַ חידושדיקן שמייכל:
— ווער האָט אַהער אַ וואָלקנדל פאַרשלעפּט
אויף אַזעלכע דורכזיכטיקע הייכן?

...דאָרט ווו ניט ווו אַ רויכל פריילעך ציט,
בײַם סאַמע קוימען טײַעט עס פון תּענוג;
און שמעקעוודיק אַ טעפּל שוין פאַרזידט,
אין אויוון זאַרגלאַז בולקעט עס און טענהט:
אַ מאַמע שטיל־פאַרדאגהטע דערבײַ
שטייט פאַרפאַליעט בײַ דעם וואַשן.
זי הערט עפּעס, נאָר ס'איז ניטאָ קיין צײַט
אַ קוק טאָן, וואָס זשע הודזשעט עס אין גאַס דאָרט...
די שלאַנקע ייִדישקעס, פאַרנומען אויפן גאָרטן,
בחורים ברוינע — בײַ די קלינגעוודיקע גאַרבן.

אין מי פאַרפאַרעטע, מע זעט אים גאָר ניט,
דעם אומגליק-אָנזאָגער — דעם שפּאַרבער.

און קיינער ווייסט נאָך ניט
פון וואָגלעניש און שרעק,
ווי קינדער איז מען שמייכלענדיק-פאַרטרויט...
— — —
אַלע וועגן האָב איך דאָן פאַרמעקט
חוצן וועג, וואָס פירט צום שונאס טויט.

2

— רב אַרן, האָ, רב אַרן,
נו, חבר בריגאַדיר! —
שטייט אַ מענטש און קײַעט זיך אַ שטרוי,
הערט ניט, הערט ניט,
ווי דער קוילער באָמבאַרדירט
שוין גאָר ניט ווײַט...
ס'גייט כאַדאָראַם דזשאַנקאָי,
ס'גייט כאַדאָראַם קאַלײַ!..
— רב אַרן, האָ, רב אַרן,
אפשר וואָלט געווען אַ תּכלית
מער ניט האַרן?! —

— נו, וואָס האָט איר זיך אָנגעוואָרפן אויף אַ מענטשן!
רב אַרן איז דאָך ניט קיין פּיצל קינד!
נו, לאָזט אַ ווײַלע קוקן אויפן פעלד,
וואָס ליגט פאַרקלעמט דאָ:

אָפּרײַסן די אויגן פון אַ היים
דאַרף מען פאַרזיכטיק —
מע זאָל ניט ווערן בלינד...

אַז וואָס איז דאָ, מישטיינס געזאָגט, געווען!
אַ ברעקל גרינס?
קוראַי פּאַרדאַרטער, סטעפּ און סטעפּ,
און ווינטן נאַקעטע אויף גרויען סאָלאָנשטאַק!

ביז וועלכן שוויים און ריפּנבראָך
האָט מען עס דאָך
מיט היימישקייט,
מיט וואַרעמקייט,
מיט קינד-און-רינד באַלעבט...
איז גיי, רב אַרן, איצט מיט האַק-און-פּאַק,
איז גיי פון דעם אַוועק!..

זיבן בנים,
ביי דעם זיבעטן האָט חנה אים פאַרלאָזט
אויף דער אוקראַינע נאָך.
אין גאָלטע...
און דאָ האָט זיך די ערד פון דאַרשטיקייט געשפּאָלטן,
האָט ער מיט זיבן פרישע ביימייכן
זיך אויף דער טריקעניש געלאָזט...
אליין דעם ערשטן אַרטיזאַן געהאַקט,
די ערשטע שוועל, און צו דער שוועל — אַ שטעג.
איז נעם און גיי פון דעם אַוועק
מיט האַק-און-פּאַק...

ניט נאָר דער היימישער קאָלכאָז,
דער גאָרער קאַנט, רב אַרן,
דער גאָרער קאַנט, וואָס ביים סיוואַש,
פלעגט לויבן דיינע קלוגע הענט.
איז וואָס זשע?

האָבן זיי זיך אויף דער עלטער דען באַנאַרישט?
זיי הענגען דאָך אויף דיר אַצינד
ווי שווערע פּרענט!

נו, הרגעט אים,
ווער נעמט עס און פאַרלאָזט
אַזאַ מין רחבותדיקן גוט,
אַזאַ מין אויסגעוויטיקטן מאַיאָנטיק!

זיבן זין האָט חנה אים געלאָזט,
זיבן צאָרנדיקע בײַמײַכן מיט אייגן בלוט
האָט ער אַליין
צעשיקט אויף זיבן פראָנטן.
וואָס קוקט אויף אים אַ טרויעריקער טראַקט —
אַ שפּאָגל נײַע סדרה וואָגלען?
קאָן זיך געפינען דען אַזאַ מין שלאַק,
וואָס זאָל אַ זאָג טאָן:
— נאָט אײַך,
נאָט מײַן אַלטן האלדז-און-נאַקן —
טרײַבט!
איז אפשר,
אפשר וואָלט ער פאָרן אומגליק נאָך
דעם שליאַך געפּרוווט פאַרהאַקן
מיט זײַן אייגענעם, זײַן אַדערדיקן לײַב?

— רב אַרן, האַ, רב אַרן,
הערט נאָר, הערט: דער קוילער באַמבאַרדירט!
זאָג שוין, זאָג, וואָס טוט מען, וואָס?

ביסט עפּעס דאָך בײַ מענטשן בריגאַדיר.
דער איינציקער,
דער פּאָלנער באַלעבאָס.

איז אפשר טאַקע שפּאַנען די מאָזשאַרעס,
האַ, רב אַרן?

— וואָס איז?..
וואָס איז געשען?!
וואָס דרייט מען זיך פֿאַרפֿינצטערטע אַרום
בײַ בלינדע קלוניעס און אַמבאַרן
אַזוי זיך אויף און אָפּ?
וואָס האָבן ווײַבער זיך צעיאַכמערט אויף די פּעק?
אַזאַ חבֿרײַע אויף מײַן קאָפּ,
אַזעלכע שלעק!
מע דרייט זיך אום ווי גאָר ניט הי,
און זאָל עס עמעצן כאָטש אַרן
צונויפֿטרײַבן דאָס ביסל פֿי!
און זאָל אויף עמעצן אַ ברען טאָן כאָטש די הויט,
אַז צינדן דאַרף מען די אַמבאַרן
און אָפּסמען,
יאָ, אָפּסמען די סקירדעס ברויט!

...איז גייט און לאָזט אַ ווײַלע נאָר
דאָס רחבֿות טאָן אַ מעסט.
ס'איז אַרן ניט קיין ייִנגעלע.
אוי, ניט קיין פּיצל קינד —
ער ווייסט, אַז אָפּרײַסן די אויגן פֿון אַ היים
דאַרף מען פֿאַרזיכטיק —
מע זאָל ניט ווערן בלינד...

# מײַן טאַטנס װײַנגאָרטן

איך קאָן שוין מער ניט קומען
צו מײַן טאַטן אינעם װײַנגאָרטן,
איך קאָן שוין מער ניט קומען...

מיר האָבן װי אַ קינד געכאָװעט אים
אַזוי פיל שװערע זומערם!
מיט ערד מיט האַרבסטיקער, מיט װאַרעמער,
פלעגן מיר דעם װײַנגאָרטן פאַרדעקן,

אַז קײן בײזע פרעסטלעך,
זאָלן אים ניט שרעקן,

אַז קײן װינט זאָל זײַנע צװײַגן
פונעם שלאָף ניט װעקן...

פרילינג פלעגן מיר אים שטענגלעך שטעלן,
צו דער זון זאָל ער זיך ציִען,
צו איר צאַרטן צויבער,
אַז דער שמייכל פון מײַן פאָטער
זאָל זיך שפּיגלען העלער
אינעם חודש אויגוסט, אין די ערשטע טרויבן...

קומען פלעגן כּלה־מיידלעך שלאַנקע
מיט שװאַרצע צעפּ אַריבער שטילע אַקסלען.
אין הענט אין זייערע, װי טײַכלעך קלאָרע,

פלעגן בלאַנקען

פלינקע מעסערס...

און מיט פולע, צאַפּלענדיקע קערב

פלעגן זיי זיך זינגענדיקע

אומקערן צוריק...

זקנים

(גאָלדענע שטראַלן אויף זילבערנע בערד)

פלעגן דעמאָלט פריילעך־טרויערדיק

אַ וואָרף געבן אַ בליק

אַהין, צו יאָרן פון דער יוגנט,

העט פאַרפלויגענע...

— — —

און אַז איך וועל שוין קומען

צו מײַן טאַטן אינעם ווײַנגאָרטן,

און אַז איך וועל שוין קומען,

וואָס זשע וועל איך טרעפן דאָרטן,

אויסער אַש און אומעט?..

סײַדן די ייִדישע טעכטער,

וואָס פלעגן די ווײַנטרויבן קלײַבן, —

געשענדעטע פאַרן שעכטן

כּלה־מיידלעך און ווײַבער...

סײַדן די קרעכצנדיקע ביינער,

וועלכע זײַנען פאַרבליבן

פון די פריילעכע זקנים,

פון די האָרעפּאַשנע ייִדן?

אַוועק איז ער מיטן רויך,

מײַן טאַטנס ווײַנגאָרטן,

מיטן רויך אוועק...
ביזן וואָרצל אויסגעהאַקט
האָט אים דער דײַטש
מיט פײַערדיקע העק!
און מײַן פּאָטער וואַנדערט אויס
דאָס ביסל עלטער
ווייטיקדיק-פאַרקלעמט:
— גיט אָפּ, — זאָגט ער, —
פון לײַב דאָס לעצטע העמד,
פון לײַב —
די זיבעטע, די לעצטע הויט גיב אָפּ,
נאָר מיטן אַש פון אונדזער ווײַנגאָרטן
דעם גאָרגל פונעם לעצטן פײַנט
פאַרשטאָפּ!

## ס׳וועט אפשר שפּעטער...

ס׳וועט אפשר שפּעטער גרינג זײַן צו דערמאָנען
דאָס ערשטע בייזע פּרעסטל אויף די האָר,
ס׳גייט מיר נאָך די דאָרפישע לבנה,
ווי אַ שטאָלצער גוואַרדיע־דאָזאָר.

שוין וויפל מאָל מיך האָבן אויסגעהיט פון טרויער
און, ווער קאָן וויסן, אפשר אויך פון טויט,
דער אַלטער קליאָן, דער פרישער סקריפּ פון טויער,
דער שיכּורדיקער דופט פון היימיש ברויט...

מיר טרעטן אָפּ, פאַרקלעמט פון שטאָל און פײַער,
אַ שווערער שטויב ליגט ביטער אויף די ציין,
נאָר ס׳גייט אונדז נאָך אַ מוטערלעך־געטרײַע
אין טיפער וווּנד — מײַן וווּנדערלעכע היים...

דערפער ברענען. פּליטים אויף די שליאַכן...
הויגלאַנד מײַנס, מיר וועלן קומען צ׳ריק!
סײַדן איבער אָפּגרונטן פון שלאַכטן
בלײַבן מיר פאַר ברידער, ווי אַ בריק...

זאָלט איר דעמאָלט בענטשן אונדזער ווייטיק,
אונדזער שטאָלצן, בלוטנדיקן דור...
ס׳גייט מיר נאָך דאָס הײמלאַנד ווי אַ צווייטלינג,
ווי אַ טרײַער גוואַרדיע־דאָזאָר.

וויאַזמע, 1941.

# הינטער מאָסקווע

ס׳וועלן מעשיות — וואַנדערער אין פאָלק פון מויל צו מויל —
דערציילן, ווי ס׳איז אומרויִק אין ביקס געווען די קויל...
ווי דער פראָסט האָט ניט באַוויזן טריקענען די שווייסן,
ווי דאָס לשון פלעגט זיך לעשן מיט אַ וואָרט אַ הייסן.

שטעגלעך שניי פאַרשמיסענע פון ווזוואָדן — אַ פאַרפלייצונג,
מאָסקווע האָט געאָטעמט אונדז אין די פאַרשנייטע פלייצעס...

אויסגעשטאַנען זײַנען מיר די שטאָט אין שלאַכטן שווערע
ביז צו קאַרבן הארבע אויף נאָך פרישע שטערנס,
ביז צו פאַסן זילבער אויף די האָר נאָך שוואַרצע,
מאָסקווע מײַנע, לידערלאַנד, שטראָמען בלוט פון הארצן!

איצטער זײַנען פנימער פאַרשניטן אינעם פראָסט,
איצטער האָבן צאָרנדיקע ווזוואָדן זיך געלאָזט —
אויף די שפורן ביטערע פון די יוליער שלאַכטן.
דערפעלעך פאַרחלשטע, אויסגעבענקטע טראַקטן,
בערגלעך אַש בײַ חורבות און פאַרקוילטע קליאָנען
בעטן בײַ די זעלנער, פאָדערן און מאָנען:

— גייט אויף מערב, הארציקע, שינדט פון זיי די הויט,
זיי אַלע זאָלן פגרן בײַ אַ פרעמדן פלויט,
אַז נאָר די בייזע ווינטן אַ שפּײַ טאָן זאָל אויף זיי
מיט אַ שאַרפן הויפן בלוט-געפלעקטן שניי!

1942

# מיטן פראָסט

נו אַ פרעסטעלע, דער טײַוול זאָל עס נעמען!
אַלטער װײַסער־חברניק, װאַרט צו,
אָנגעברוגזט דײַנע גרײַזע ברעמען —
כאַטש פאַרבײַם פון קלעמעניש די צונג!

שטאַרקער, שטאַרקער, זיידעשי, מײַן פראָסט,
אַזש די יאָדלעם טרעשטשען זאָלן ביטער —
װוּ ס׳װועט דעם דײַטש ניט אָניאָגן מײַן שאָס,
דו פאַרסװישטשע אים, פאַרגליװער אים,
פאַרשיט אים!

הונדערט גראַם, קיין טראָפּן מער אין גלאָז!
אַלטער שיכּור, קאָנסט פון בראָנפן טײַען,
מיר דאַרפן נאָך אין שלאַכטן גיין, מײַן פראָסט,
ווי גוטע פרײַנד און ווי סאָלדאַטן טרײַע...

לחיים, זיידעשי, און לאָמיר זײַן געזונט,
אויף צעפּיקעניש פּיקירנדיקע שפּאַרבערס!
מיר לעבן צוליב קילן װוּנד װאָך װוּנד
און צוליב קאָנען אָן חרטה שטאַרבן.

1942

## צום בעדער

די מיר צעפּראַלט אין טיפן וואַלד,
אין טיפן וואַלד פאַרשנייטן —
מיר וועלן זיך אַ וואַש טאָן באַלד,
אַ רײַב טאָן איינם דאָס צווייטע !

מיר וועלן זיך אַ טובל טאָן,
דער טײַוול זאָל עס נעמען !
נו, בעדער, קום אַנטקעגן אונדז
אַרויס מיט פולע עמערס !

ס'וועט ווערן נאַכט, מיר שפּאַנען דאָן
אויף שניישיך ווײַט אַוועק...
די אויטאָמאַטן אויפן האַלדז,
גראַנאַטעס — פול דער טאַש,
און בראָנפן רוסישער, אַ לעק,
איז אויך פאַראַן אין פלאַש !

וואַרף אונטער, בעדער, טרוקן האָלץ,
דער קעסל זאָל זיך וואַרפן,
ווער ווייסט, צי וועלן מיר אַ מאָל
אַ באָד נאָך ווען באַדאַרפן !

אָ, ווי געשמאַק דאָס פרישע וועש
די ריינע לײַבער שפּירן!
צום שׂונא פליִען מיר אין געסט,
זאָל אונדז דער צאָרן פירן,
און קראָען זאָלן נאָכפליִען
אויף דײַטשישער פּגירה!..

מײַן בעדער, בלײַב געזונט און שטאַרק
אין טיפן וואַלד פאַרשנייטן.
דערצייל פון אונדז, אויב דיך דערוואַרט
אַ קרײַז אין שטילע פרײדן...

# אַ טרוים

עד, זיך אויסטאָן העכער האַלב
און צום ערשטן שניי אַרוים,
ווי אין הימלטיף — אַ שוואַלב,
זיך אַ טונק טאָן פריש און בלויז!

ביזן סאַמע עקסטן פינגער
זאָלן אַלע אברים זינגען!

ביז צו הייסע בלוטנשפריצן
אײַנרײַבן דאָס לײַב מיט שניי —
אַלע חושים זאָלן שפּירן,
ווי די זאַשפּערעס פאַרגייען!

אָט אַזוי זיך טאָן אַ לאָז
צו דעם שנײַדנדיקן פראָסט...

האָט אַ יונגער העלד געחלומט,
קוים די אויגן צוגעמאַכט...
ס'איז געווען זײַן לעצטער חלום
פאַר דער לעצטער שלאַכט...

# האַרבסט

1

זאָל קומען אַהער, אינעם האַרבסטיקן וואַלד,
אַ לעקיש — אַ ווינטל, צעקלינגט ער זיך באַלד.

אַ שפּעטיקער שטראַל טוט אַ בלענדיקן מאָל
אויף שפּיצן בעריאָזעס דאָס קופּער און גאָלד,
און ס׳פֿלאַקערן דעמבעס אין זוניקער ליכט,
ברייטפּלייציקע שטיי׳ן זיי פֿאַרטיפֿטע אין זיך.

זיי קלערן אַוודאי: ס׳איז ערגעץ אַ קריג,
און דאָ זײַנען וועלדער אין שטילקייט פֿאַרוויגט,

די שטעגלעך מיט בלעטערפֿאַל זײַנען פֿאַרשאָטן
און, שאָרכנדיק, שלינגען דײַן שפּור און דײַן שאָטן...

2

...טונקל איז געוואָרן אינעם וואַלד.
ערגעץ טליִעט נאָך אַ צייכן פון אַ שײַטער.
ערשט איז דאָ געוועזן אַ פּריוואַל,
און אַוועק זיי זײַנען ווײַטער, ווײַטער...

זאָל צוריקוועגס קומען ווער פון זיי
און אַ גאַפּ טאָן, ווי די שטילקייט האָט פאַרהיט
זייער וואַרעם וואָרט און זייער ווײ
און דעם אָטעם פון אַ בענקענדיקן ליד.

שוין דער וואַלד אין טונקלעניש פאַרגייט,
לעצטע צייכנס פון אַ שײַטער טליִען.
זאָל צוריקוועגס קומען ווער פון זיי
און אַ הייב טאָן זײַנע מידע וויִעס...

# שטילקייט

ס׳דאַכט, די שטילקייט פאַרן ערשטן שאָס
ליגט לאַנג צעטראָטן אויף צעבלוטיקט גראָז.

נאָר ס׳טרעפט אַ מאָל אַזוי אויף אַ פּריוואַל —
אַ שאַרפן קוק אַרום:
זעלנער מידע, שײַטערם אינעם וואַלד,
אַ סטעפּיש־ווײַטע ליד נאָר עמעץ ברומט...

ס׳לעבט ווידער דאָך די שטילקייט פון מײַן היים!
(קיין צווײַג ניט וואַגט קיין בלעטעלע צו וויגן...)
אין אַלע מײַנע גלידער וואַקסט געהיים
אַן אויסגעבענקטער ניגון.

נאָר פּלוצעם זיך צעקײַכט אַ גרילצנדיקער טויט, —
ניט ווײַט אַ מינע פּאַלט.
מיר טרייסלען אָפּ פון זיך דעם שטויב,
און ס׳בלײַבט אַן עלנטע די שווײַגעניש אין וואַלד...

ס׳באַקן שווערע האַוביצעם־פרײַנד,
אַזש ווײַטן טוליען זיך צעשראָקענע אין גרויען...

און דאָך וועט ווידער שטילקייט הערשער זײַן
אויף אויסגעוויטיקט האַרץ און אויער!

בײַ רזשעוו, 1943

## די לעצטע זעונג

טרייף־פּרצופּדיקע
שפּאַנען זיי און שפּאַנען...
וויפל זיַינען זיי,
פון וועלכער פינצטערניש,
פון וואַנען
פויזען זיי ווי לייכעצדיקע
גרינע פלעקן,
אַלץ, וואָס ליבער איז פון לײַב־און־לעבן,
אויסצומעקן ?
און פאַרגיפטן דאָס געדעך פון לונגען
ביַי מיַין ערד און הימל,
ביַי מיַין יוגנט.
טרייף־פּרצופּדיקע
קריכן זיי און קריכן
צו מיַין אָקאָפּ...
אַ פיבערדיקן דריק איך צו מיַין קאָפּ
צו דיר, מיַין גריַיזע
נאָוואָגראָדער ערד, —
ליַיבלעכע !
זאָל זיַין מיר דאָ באַשערט
אין פיַיערדיקסטע קלעמען
אונדזער שיינע קרובשאַפט
פאַר קיינעם ניט פאַרשעמען !

אין ווינטערשלאָף דער סאָסנעוואַלד, דער
שווער פאַרקאָוועטער,
און בענקענדיקע גראָווע ברעגן לאָוואַטער *
מעגן בליַיבן איינציקע,
וואָס וועלן שוויַיגנדיקע וויסן :

* לאָוואַט, אַ טיַיך צפון־מערב רוסלאַנד.

ניטאָ אַזאַ מין בלײַ,
וואָס קאָן פאַרשנײַדן מײַן געוויסן...

זיי וויקלען זיך אַרום
פון רויך
אַלץ נעענטער, אַלץ נעענטער.
מיך ווארגט שוין
זייער שיכּור סאַפּערײַ,
און ס׳ווארט אויף אַלע רחבותן פאַרברענטע
מיט אָטעם אײַנגעהאַלטענעם
די צײַט.

...זײַ שטיל, מײַן אומגעדולד!.. און אָט! און פּלאַץ
אין פריידיקן געיאָמער
פון די לעצטע דרײַ גראַנאַטעם:
— נאַט אײַך!
— נאַט אײַך!
— נאַט אײַך!..

...סאָסנעוועלדער ברוגזדיק פאַרשנייטע
און דער צפונדיקער לאָוואַט,
ווי מײַן גרײַזער זיידע
אויף אַ שימחה,
לאָזן זיך אין טענץ...
ערגעץ, דאַכט מיר,
דינע פידל-סטרונעס
פלעכטן אויס ניגונים-קרענץ,
שפּילן די ניט-אויסגעשפּילטע,
אַלע מײַנע
פינף און צוואַנציק
זיסע זומערס...

און ס׳פֿאַרגייט אין רויש פֿון פֿרישן גראָז
מײַן צער און וויי,
מײַן בלוטיקער פֿאַרדראָס.
און אין בלויען שוואַלבן־לשון,
אינעם פֿלאַפֿל פֿון די פֿלאַצנדיקע קנאָספּן —
לעצטער טויבער
באַטאַרייע־דונער
ווערט געלאָשן.

און דאָרטן פּונקט,
וווּ די גראַנאַטע איז געפֿאַלן,
איבער פּגרים פֿײַנטלעכע צעפּליקטע,
פֿון דער פֿינצטערניש צעשפּאַרטער,
שוועבט אַרויס
מײַן האַרציקסטע, מײַן כּלה.
אַ באַגליקטע
לאַכט זי...

ווייכע כוואַליעס האָר,
פֿון דרום־ווינט געצערטלט,
פֿלעקן זון אויף צאַפּלענדיקע גלידער
איבער אַש און שלאַכט אַריבער.
זי, — מײַן אויסגעבענקטע,
מײַן באַשערטע,
זי, — מײַן ליד פֿון אַלע לידער — — —
— — —
די לעצטע זעונג פֿון אַ רויטאַרמייער פֿאַרן שטאַרבן
פּרוּוו איך אינעם האַרצן אײַך פֿאַרקאַרבן...

מאָסקווע, מײַ 1944.

# אין פיבער

זײַנען צו מײַן בעטל זיך צונויפגעגאַנגען
די בלייכע ווענט
(נאָך בלאַסער פון מײַן שכנס
האַלב-פאַרבינטעוועט געזיכט...),
און פלוצעם האָט אַ פינצטערניש געדיכט
אַ פאַל געטאָן
צו אומרויִקע שלייפן...
און ס׳בושעוועט אַ שווערע שׂריפה.
אירע שטומפּיקע און חושך-טיפע צינגער
האָבן אַלץ פאַרשלונגען,
האָבן אַלץ פאַרברענט.
נאָר מער פון אַלץ
מיר האָבן באַנג געטאָן
מײַן מאַמעס וואַרעמע, פאַרזאָרגטע הענט.

...און ווידער נאַכט אויף נאַסן שניי,
אויף בלוטיקער, אויף „קיינעמס ערד״.
מײַן ברודער...
קוקט, קוקט:
זײַן שפּור אין שניי זיך צוקט,
און ווי אַ רויכעלע
זײַן הייסער אָטעם אויפן פראָסט פאַרגייט...
הערט, הערט:
אויף ליפּן זײַנע בלוי-פאַרשפּאַרטע —
דער פאַרשוויגענער,
דער לעצטער זיפץ,

און ס'טיאָכקעט, בענקענדיק,
אין בוזעמטאַש ביַי אים
אַ ניט־דערשריבענער, אַ שטילער בריוו...

די שווערקייט פון דיַין קערפּער
פיל איך ניט אַצינד.
איך טראָג דיך, ברודער,
ווי אַ שמייכל טראָגט אויף זיַינע ליפּעלעך
אַ קינד...

האַרציקער, דיַין ווונד מיך קלעמט —
מיַין שאַרבן, זע, זיך שפּאַלט!
אָט איז אַ ריטשקעלע, —
דיַין הייסן קאָפּ
כ'וועל אָפּשווענקען מיט פרישן וואַסער
(זאָל דאָס בלוט אַראָפּ),
און איבערבינדן מיטן העמד...
קרעכץ ניט, נאַרעלע, מיר פויזען וויַיטער באַלד.

פריִער,
איידער נאָך מיר האָבן זיך געלאָזט
אין וואַקסן און אין וואָגלען,
קינדוויַיז,
האָסטו אויף די פּלייצעס מיך געטראָגן:
— קויפט אַ זעקעלע, אַ זעקל מעל!..
איצטער, — דיך איך טראָג
(מיט בליַי די כּלבים האָגלען...),
די מאַמע, אַ פאַרדאגהטע,
ווי פלעגט זי זאָגן:
— וואָס האָט איַיך געפעלט?..

(הײַיאָר, האָט זיך מיר געדאַכט, —
די רוצחים האָבן זי צום צווייטן מאָל געקוילעט.
אַ תּכלית פון אַ קינדהײַט — אַש און קוילן...
און אויסגעוויזן האָט זיך מיר
נאָך הײַנט בײַ נאַכט,
אַז ווי אַ שטעגעלע צו יענע ווײַטע יאָרן,

איז עס געדיכט
מיט רויטן ווילדגראָז
צוגעדעקט געוואָרן...)

אַ זאָג אַ ביסל — „וואָס האָט אײַך געפעלט",
דער אָטעם האָט אונדז אויסגעפעלט פון צער.
מיט גרינער גאַל ז'פאַרקנאָטן יעדער ביסן —
אַ וועלט אונדז פעלט,
אונדז פעלט,
אַז ווידער גליקלעך זײַן
זאָל זי,
מײַן רעגן-בויגנדיקע וועלט!
און ביזן ביין
אונדז עקבערט דאָס געוויסן:
ער דערכנעט נאָך, דער דײַטש,
ער שעכט און ברענט
און שענדט,
פון יעדער חורבה יעקעם פּרצוף שפּאַרט...

האַרציקער, דײַן שלעכטער הוסט מיך וואַרגט.
טײַערער,
איינציקער מײַנער,

דו הערסט ?
זאָג מיר, זאָג מיר,
וואָס איז דײַן באַגער ?..

אין מײַנע שלייפן שלײַדערט זיך דײַן בלוט,
און פון דײַן צאָרן פּלאַצט אויף מיר די הויט,
שוין ביזן האַלדז דערגאַנגען איז די נויט,
מיר זאָל די דײַטשישע פגירה שמעקן גוט !..
ברודער לעבן, שלאָף שוין אײַן באַרוט,
מיר האָט נאָר געחלומט זיך דײַן טויט...

און איך וועל מיט אַ וויגליד
אָפּטרײַבן פון דיר דעם בייזן חלום.
זע, פּאַוואָלינקע, פּאַוואָליע,
די נאַכט אויף נאַסן שניי
אין כוואַליעס פײַערדיקע שוין פאַרגייט,
ווי גלײַך אַ ווונדערשיף אין ווײַטן וואַנדער...
שפּאַר שוין, שפּאַר שוין אויף די אויגן
און זע די בלייכע ווענט,
זיי גייען אויך ווי שיפן זיך פונאַנדער
און ס'פלאַטערן, ווי שטילע פייגל,
וואַרעמע, פאַרזאָרגטע הענט...

אירקוטסק, מײַ 1943.

## מײַן טרײַע שוועסטער

דו האָסט מיר דעם ווייטיק פאַררעדט
און ווייך דאָס געלעגער געבעט.
געשטאַנען ביסטו בײַ דער קלאָר־ווײַסער טיר
און געטריבן דעם אומגליק פון מיר...
און ס׳האָבן זיך שלייפן געשלײַדערט פון היץ,
און ליפן געבעטן זיך: זיץ!

דו האָסט מיר, מײַן טרײַע שוועסטער, דערמאָנט
אין היימישן ריח פון סטעפּישן מאָן...
דער מאַמעס אַ ניגון אין פרישקייט פון וואַלד,
דעם ניגון, וואָס קומט אויף אַ קורצן פּריוואַל...
ווי ווײַט איז מײַן קינדהייט! און איך האָב דערקענט
די וואַרעמע, שטילע, די היימישע הענט...

די וווּנד האָט מיר ווײ געטאָן דאָן,
ווען דו ביסט אַוועק אויף אַ שפּאַן,
און ס׳האָבן זיך שלייפן געשלײַדערט אין שרעק,
און דאָס האַרץ האָט געבעטן זיך: גיי ניט אַוועק!

ברענג מיר כאָטש וואַסער קילע אַ טרונק,
דאַן וועל איך דערפילן — כ׳בין דאָרשטיק און יונג.
און ווידער שוין זינגען די גלידער מיט וועסנע,
מײַן טרײַע, מײַן גוטע, מײַן איינציקע שוועסטער!
די האָר פון מײַן טויזקן שטערן פאַרשאָר —
און דער טויט וועט במילא שוין בלײַבן צום נאַר...

1943

# דער מאַמען

ניט קיין כוואַליעס אויף דעם קאַספּי
האָבן אויסגעקנייטשט אַ שטיין —
אויף דײַן גוט און טײַער פּנים
זײַנען אַנגעפלויגן טעג ווי יאָרן,
טעג ווי יאָרן איינס נאָך איינס...

דאָס האָבן בייזע אַנרחמנותדיקע טעג
אַרויסגעטראָגן דיר צום ברעג
דאָס ביטערע געררוך פון אונדזער היים,
פון אונדזער ברענענדיקער שטוב אַ ביסל בלוטנדיקע ליים...

ניט קיין כליפּענדיקע כוואַליעס
דרויבלען זיך אין שטומען שטיין —
טעג ווי יאָרן האָבן צוגעשלאָגן מיט געוויין
צו דײַנע מידע פּים
דעם זון, וואָס איז געפאַלן פון דער שווארצער שפּיז...
האָסט אפשר בלויז אַ שווערן וואָקל זיך געטאָן,
דערהערט האָסטו פון אַל די ווײַט איך מאָן:

— שטיי!
מײַן מעכטיק ווייגעשריי.
ביז פלאַצערײַ פון גרויע פעלדזנבערגן:

— שטיי!
איך דאַרף, אַז פון דײַן בליק
זאָל זעצן מיט אַ פלאַם
אַריבער דראָט פאַרצוימטע שטרעקעס,
אַריבער מידבר־טריקעניש און ים, —
צו אָט דער הייל איך האָב זיך דורכגעבראָכן,

אין פאָכנדיקע פלאַמען זי פאַרקלעמט,
די וויסטע פינצטערניש, די פרעמד
פון וואַנען ס'איז דער דם־שונא, דער דײַטש
אַרויסגעקראָכן!

און דו, מײַן טרייסטנדיקע מוטער
ערגעץ בײַ דעם ווײַטן קאַספּי־ברעג,
שײַן מיר מיט דײַן לעבן צו
און בענטש מײַן שווערן וועג...

## זאָל שוין גיכער...

זאָל שוין גיכער אָנקומען דײַן בריוו
מיט שורות צאַרטע — פֿייגל פֿון מײַן גליק.
ער קאָן פֿאַרזיסערן מײַן לעצטן זיפֿץ,
אויב כ׳וועל זיך ניט אומקערן צוריק...

איך ווייס, די אויגן דײַנע שמעקן אַלץ מיט בעז,
וואָס טרייסלט אָפּ פֿון זיך דעם ערשטן רעגן.
נאָר וועגן קומען מײַנעם דו פֿאַרגעס
בײַ אונדזער ליבשאַפֿט פֿרעגן...

מיר, זעלנער, שווימען אין די פֿלאַמען טיף,
ווי אין ים אַ שיף.
שטילע ברעגן לאָזן מיר פֿאַרבײַ...

זאָל כאָטש גיכער אָנקומען דײַן בריוו, —
דעם וועג פֿאַרלויפֿן קאָן אַ שטיקל בלײַ!..

הינטער מאָסקווע, 1941

## ווײַל דו האָסט מיר געפעלט

1

אַזוי פיל פרײַנד, און איך בין עלנט.
אָפּגעגאַנגען הײַנט פון שײַטער...
צווישן אונדזער צאַרטער טרײַהייט, עמע,
ליגן אַנגעוואָרפן שווערע ווײַטן!

ס׳וויקלען זיך אין בייזן רויך די וועגן.
צווישן אונדז — אַזוי פיל טויט און אומגליק.
וועמען קאָנסטו, נאַרעלע, דען פרעגן,
ווען וועט ער, צו אַל די רוחות, קומען?

און איך וועל ניט לייקענען, איך ווייס נאַר,
דײַנע שפּורן טרײַבן מיך אין פײַער.
ווינד־און־ווײ און זיבן קאַלטע שווייסן
זײַנען עדות, ווי דו ביסט מיר טײַער.

2

קאָן דען ווער אַ צווייַגנשאָרך פאַרגעסן
פון דער שעה, וואָס האָט אויף לאַנג צעשיידט?
הינטער שווייַגנדיקע פייַן-געשניצטע שלעסער
וואַרטן פולע רעגן-בויגנס פרייד...

וואַרט אַ ווייַלע, ווי זשע וועט עס טרעפן,
לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי איך שפּיר:
יעדער צווייַגנשאָרך וועט נאָכזאָגן מיר: עפן!
ווען איך וועל אַ קלאַפּ טאָן אין דייַן טיר...

פון דער שטילקייט עטוואָס אַ פאַרטוייבטער
וועל איך פאַלן פאַר דייַן אויסגעבענקטער שוועל —
אויסגעהיט פון אומקום און צעשטויבונג
נאָך דערפאַר, ווייַל דו האָסט מיר געפעלט.

1942

## פרײַנד

אַזוי פיל פרײַנד האָב איך פאַרלאָרן
אין מיטן גהינומדיקן גײן,
אַז אויך אַפילו מײַן געביין
פון אומרו וועט ניט זײַן באַוואָרנט.

פאַרקאַרבט אויף קיין מאָל ניט פאַרגעסן
די ביטערניש פון יעדן שניט,
דעם האַרבן ווי אויף טריט און שריט ;
געטיילט אין שלאָפּלאָזע מעת־לעתן —
די ערשטע וווּנד, דעם לעצטן ביסן,
געפאַר און פײַער, ווינט און פראָסט.
אַזאַ מין פרײַנד ווען דיך פאַרלאָזט,
ז'ווי פלייש פון לײַב אַרויסגעריסן...

נאָך יעדערן איז נאָכגעגאַנגען
דער טרײַסטער שײַטער בײַ אַ שליאַך,
אַ היימיש פענצטער אין דער נאַכט,
אַ וועלט מיט בענקשאַפט און געזאַנגען.
און פיל פון זיי האָב איך צעזייט
בײַ וויאַזמע, רזשעוו און סעוואַסטאָפּאָל.
דער שטיין, וואָס איז געווען בײַ זיי צוקאָפּנס,
געדענקט נאָך זייער לײַד און פרייד.

די ליפּן האָב איך הײַנט פאַרקלעמט,
פאַרפרענטעוועט פאַר לעצט געשריי
און שפּאַן פאַרעקשנט, פּונקט ווי זיי
זײַנען געגאַנגען, אין די הענט
דאָס טרײַע וואָפן.

1942

# צום קינד

אויב ס׳וועט דער טויט פאַרגיין מיר אין די אויגן,
אומעטיק פאַרהאַקן מיר די ציין,
וועט פלאַטערן אַ וויגליד ווי אַ פויגל —
דאָס געדעכעניש פון מײַן געביין...

ס׳וועט פלאַטערן, ס׳וועט פלאַטערן דער ניגון
בײַ דײַן וואַרעם-טיאָכקעדיקן וויגל
און אויסשפּרייטן אַ שטילן שאָטן
פון דער מאַמעס ליפּן צו דײַן אָטעם...

שלאָפלאָז מײַן געזאַנג וועט, ווי אַ וועכטער,
וואַכן פון דער נידער ביזן הימל,
קיינער זאָל ניט וואַגן מער צעברעכן
דײַן פרילינגדיקן דרימל.

קיין עין-הרע זאָל מען דיר ניט געבן,
ווער איך אויסגראַבלען די בייזע אויגן...

— — —

ס׳וועט אַלס אָנדענק פון מײַן לײַב-און-לעבן
פלאַטערן אַ וויגליד ווי אַ פויגל...

## מײַן זיידע

הפקר באָרד און פאות אויפן ווינט,
מײַן גרײַזער זיידע שטייט אויף שליאַכן היגע:
— די מאָס פון שווײַגן ברעכט זיך שוין אַצינד,
גיי הרגע אים, איך בענטש דיך אויף הריגה!

און פרעג ניט קיינעם, ריינוואַשן וועט ווער
דעם שמוץ פון פרעמדן בלוט אויף דײַנע הענט, —
דײַן מוטערס אויסגעבענקטע גליִענדיקע טרער
האָט עס אויף זויבער לאַנג שוין אויסגעברענט.

צײַטן, דורות האָב איך אַלץ געלעכצט
דאָס פולע גליק, וואָס דיר האָט מען געגעבן,
איז גיי פּאַר דעם אין פלאַם אויף מעסערשטעך,
דעם טויט פאַראַכטנדיק און ליבנדיק דאָס לעבן!

די וויִוגע גוואַלדעוועט און שלײַדערט זיך מיט שניי,
די וויִוגע ווערט קיין ווײַלע ניט אַנטשוויגן,
און איך, דורך דראָט־פאַרצוימונגען איך גיי, —
געבענטשט האָט מיך דער זיידע אויף הריגה!

1943

# אַ נ ג ר י ף

קיין שאָרך. פאַרטײַעט איז דער ווינט אין גרויען גראָז,
אין צווײַגן צעקאַליעטשעטע פון סאָסנעס און אָסינעס,
פאַרטײַעט איז אין ביקסנרער דער שאָס
און אין מײַן מוטערלעכער ערד — די רײַפע שינאה.

אין טיפער נאַכט מײַן ערד, — ווי מיט פאַרקלעמטע ציין,
זי ליגט בײַם סאַמע ראַנד פון די טראַנשייען
און פונקען וואַרפן זיך פון שלאָף. אין יעדן שטיין,
אין יעדן זעמדל — לעבעדיקע ווייען...

עס בלאַנקען וואָלקנס בלינדע נאָך איר שפור,
ווי יעדער שטערנשטראַל דעם קאָפּ מיר לעכערט.
קיין שאָרך. די אָנגעגליטע שטילקייט איבער מיר
כ׳וואָלט ווי אַ שטיקנדיקע שטײַג צעבערעכן!

סאַפּיאָרן האָבן ערגעץ דורכגעלייגט אַ וועג
און פויזען שוין צוריק אויף די פּאָזיציעס...
און ס׳לאָזן זעלנער אין דער קינדהייט זיך אַוועק,
אין טיפער פרישקייט אויף געדאַנקען־בליצן.

די שטילע שטיבלעך טראָגן זיך פאַרבײַ
און ס׳טראָגן זיך פאַרבײַ פאַרבענקטע שוועלן,
די ווײַטע היים איז, ווי אַ שאָטן, דיר געטרײַ,
וווהין דו זאָלסט דעם פוס דײַנעם ניט שטעלן.

אין וועלדער ווארטן באטארייעס פארמאסקירט,
די באטארייצעס — ביי הארמאטן־שלעסער.
ווער וועט פון זיי נאך אנקלאפן אין טיר
צו דער, וואס קיין מאל לאזט זיך ניט פארגעסן?..

קיין שארך. די שטילקייט טוט א קערעווע זיך שווער
צום ערשטן בלוילעכן פרימארגן־סימן.
קיין שארך. דער פולווער טיאכקעט נאר אינעם געווער —
באלד וועט א דונער טאן די קראפט פון אונדזער שינאה.

# געוועזן איז אונדזער שטוב...

געוועזן איז אונדזער שטוב אין סאַמע מיטן סטעפּ,
מיט אַלע פינקלענדיקע פענצטער צום קאַיאַר.
איצט וויינט אַ ווינט בײַ די צעהאַקטע טרעפּ:
דאָס אַש פון אונדזער שטוב ליגט אויף מײַן מאַמעס האָר...

מײַן מאַמע לעבט, און זי געדענקט:
בײַ אונדזער פריילעכן און גרויסן טיש
געוועזן איז ענג
פון אויגן ווארעמע און ברייטע פּלייצעס;
איצט האָט פאַרטראָגן אונדז פון אונדזער היים
די גרויסע בלוט־פאַרפּלייצונג.

אונדזער גרויסע, די צעאַשטע שטוב...
ווו זײַנען זיי, די זין און טעכטער,
שניר און איידעמס?
קום אַרויס פון דער צעשפּאַרטער גרוב,
דו, שווײַגנדיקע עדה עדות!
קוק, ווי פון דער מוטערס רויטע אויגן־ווינקלעך ווינקט
דאָס ניט־באַרוטע בלוט פון אירע זין.
מיר טראָגן זיך אַרום
אין שטויבן פלאַמיקע, אין עסעדיקן רויך,
און איר געטרײַער טרויער אונדז באַהויכט.

ניט אַלע אונדז, ניט אַלע אונדז פאַרשניטן!
און אונדזער טרייסטנדיקע מוטער לעבט,
ווײַל אַלע לעבעדיקע אירע גלידער
פּלעטן, שפּאַלטן איצט די רוצחימס קעפּ!

# וואָס רוישן די קליאָנען?

## קינדהייט

א

דווקא ניט ווײַט פון די רעשיקסטע גאַסן
דרייט זיך אַוועק און פאַרקערוועט געלאַסן
אַ געסעלע איינס.

דאָרט שיטן זיך שטראַלן דורך צווײַגן געדיכטע,
זיי זיפּן זיך דורך אין אַ הייפל אַ ציכטיקס
געפּלאַסטערט מיט שטיין...

וואָס רוישן די קליאָנען, וואָס ווילן די קליאָנען?
אָ, וואַרט נאָך אַ ווײַלע און כ'וועל זיך דערמאָנען,
ווי דאָס איז געשען:

די זון האָט געשײַנט, ווי זי שײַנט אין דער קינדהייט,
ווי נאָר אין דער קינדהייט. ס'וואָלט סײַדן אַ בלינדער,
וואָס הייבט אָן צו זען,
די ערד און דעם הימל דערשפּירט אָט אַזוי,
באַגלײַך ס'וואָלט זיך ערשט פון אַ טראָפּנדל טוי
די וועלט אויסגעפּיקט.

און אויב איר דערמאָנט זיך נאָך יענעם פרימאָרגן,
וואָס בלײַבט ווי אַ יאָדער אין הארצן פאַרבאָרגן,
טאָ ווינטש איך אײַך גליק!

ב

דער הויף איז פול געווען מיט קינדערשן געפילדער,
ווי פול מיט פייגלצוויטשערייַען איז דער וואַלד,
די זון אין הימל איז געפלויגן ווי אַ פילקע
און ס׳האָט די פילקע — ווי די זון געשטראַלט...

דעם ערשטן טאָג פון די קאַניקולן גדעדנקט איר?
דער טאָג איז דורכזיכטיק און זוניק לעבנסלאַנג
און ווייַטע סאָסנעס רוישן שוין פאַרבענקטע
נאָך שייַטערס פריילעכע, נאָך שפּיל און נאָך געזאַנג.
אין פּיאָנערן-לאַגער, ביז מע וועט נאָך פאָרן
איז אויך אין הויף דערווייַל פאַראַן דאָך וואָס
צו טאָן.
נאָר פּויק שוין פּייַקל! בליאַסקענדיקער האָרן,
שאַל אויף דייַן רוף, דייַן גילדענעם, איך מאָן!

און מיך לאָזט איבער מיט מייַן „פאַרשול-עלטער",
לאָזט מיט מייַן קליינוואַרג איבער מיך און — פאָרט!
צי זעט איר ניט, ווי ס׳פעלט זיי, אָך, ווי ס׳פעלט זיי
אַ ביסל אונטערוואַקסן,
כאָטש אויף דריי-פיר יאָר!..

נאָר האָבן דען די קליינע צייַט אויף קינאה? —
מע שלאָגט זיך דאָך!
אויף שלאַכטפעלדער מע איז!
ס׳גייט אָן אַ קריג, און ווער ס׳וועט ניט געווינען —
דאָס לעבן, ניט דער טויט, געווינען מוז.
איר לאַכט? מיר דאַכט, איר קענט זיי, די קונדסים,
נאָר אָפּטלעך רונצלט איר דעם שטערן מיט פאַרדראָס:
— „זיי רוען דען, די שדים? — אייסעך-ווייסעך!
וואָס שפּרינגען זיי אַזוי, וואָס גוואַלדעווען זיי?
וואַ-אַ-סס?

כ'בין אויך געווען אַ קינד..."
און ס'גייט אַוועק אַ סדרה
פון האַרבע רייד מיט מוסר אָן אַן עק:
— פּראָפעסאָר, קומט אַראָפּ פון דער קאַטעדרע
און לאָזט מיט מיר צו אייַער קינדהייט זיך אַוועק...

ס'גייט אָן אַ שלאַכט,
פּאָרוים, גיבורים רויטע!
ווער קאָן דערלאָזן דען, אַז שטערבלעך איז דער גוף?
מע זעט בפירוש דאָך: אַט פאַלט אַ העלד אַ טויטער
און הייבט זיך נאָך אַ מאָל אַנטקעגן שונא אויף!
אַוודאי מאַכט זיך אויך דערבייַ אַ ביסל שאָדן —
מע ברעכט אַ שויב, מע „לעכערט" אויך דעם קאָפּ.
דער דוואָרניק צו דעם טאַטן שלעפּט זיך לאָדן
און ס'קומט דער גרויסער גיבור, נעבעך, אָפּ...

אַוודאי יאָ! נאָר וועט איר גיין דען שווערן,
אַז אָן קרבנות גרייכט מען צו אַ ציל?
ס'טרעפט בייַ די עלטערן — זיי שפּילן זיך אין
ערנסט,
נאָר בייַ דעם קינד איז ערנסט יעדע שפּיל.

אַלע מיידעלעך פון הויף
לויפן פּלוצעם זיך צונויף:
— זעט נאָר, זעט נאָר,
קוקט אויף זיי —
רויטע רייַטער זייַנען זיי,
אמתע טשאַפּייַער
און די פערד ווי פייַער!

אַלע מיידעלעך פון הויף
רעדן פלוצעם זיך צונויף:
— מיר ווילן אין דער מיט אַרײַן,
— מיר ווילן אויך טשאַפּײַער זײַן!

— זעט נאָר, זעט נאָר,
קוקט אויף זיי! —
ענטפערט אַפּ טשאַפּײַעוו, —
— אויב שוין יאָ — איז איינס און צוויי,
מיר טאָרן זיך ניט הײַען!..

איינע נאָר אַ פּאַמפּעשקע,
די צעפּעלעך ווי פלעכטלעך,
איינע נאָר אַ פּאַמפּעשקע,
זי מאַכט אַ גרויס געלעכטער...

ס'קרימט זיך אוים
דאָס נעזל אירס,
און אײַנגעטונקטס אין קלײַען:
— אויך מיר — זאָגט זי — רויטע רײַטער,
אויך מיר אַ טשאַפּײַעוו!
ניט קיין וואָנצן, ניט קיין שפּאָרן
און מישטיינס געזאָגט — זיי פּאָרן —

דאָס פערד — אַ שטעקן,
די שווערד — אַ שטעקן,
— טאַקע נאָר —
די גענדז צו שרעקן!..

אויסגעהערט אזעלכע רייד,
פאַרבלײַבן אַלע שטיל —
וואָס זאָגט איר צו דער פּאַמפּעשקע,
צי ווייסט איר וואָס זי וויל?
נאָר טשאַפּײַעוו בלייך ער ווערט,
שפּרינגט אויף גיך אַראָפּ פון פערד:
— זעט נאָר, זעט נאָר,
קוקט עס אָן,
ווער סע שטופּט זיך דאָ אין קאָן!
אָט וועט ער איר באַווײַזן
שיסעלעך מיט אײַזן!

ער האָט אירע צעפּלעך געפּליקט און געריסן
און זי אים — צעדראַפּעט דאָס פּנים.
פון דעמאָלט זיי זײַנען, דערציילט מען, פאַרבליבן,
פאַרבליבן אויף שטענדיק שווין שונאים...

אַוועק אַ געשלעג איז בײַ יעדער באַגעג׳ניש
און לאַנג וואָלט אַזוי נאָך געדויערט,
ביז איינער אַ לץ האָט אַוודאי אוים חוזק
אָן אויפשריפט געמאַכט אויפן טויער.

און פּונקט ווי אַ האַק צווישן זיי וואָלט געפאַלן,
אָט דאָס וואָס געווען איז פאַרשריבן:
„גרישע + גאַליע"...
יאָ, גרישע פּליוס גאַליע",
דערנאָכדעם אַ גלײַכצייכן = „ליבע"...

## אַ פֿאָלק איז געגאַנגען...

א פֿאָלק איז געגאַנגען פֿאַרעקשנט צום פֿראָנט,
דער ווינט האָט געשמיצט און געשניטן — דער פֿראָסט,
דער וואלד האָט געקרעכצט, ס׳האָט געסקריפּעט דער שניי
און געשטיקט האָט זיך הינטער די ציין דאָס געשריי...
[illegible]
א פֿאָלק האָט געשפּאַנט אויף געקאָוועטן שליאַך,
דעם שוויים פֿונעם העמד האָט געטריקנט דער פֿראָסט
און דאָס לײַב האָט מיט הייסקייט אויף ס׳נײַ אים צעלאָזט.

ס׳האָט קיינער בײַ קיינעם קיין זאַך ניט געמאָנט —
א פֿאָלק איז געגאַנגען פֿאַרעקשנט צום פֿראָנט.

דעם דריטן מעת־לעת — אינעם וואלד א פּריוואַל,
און א פֿאָלק האָט אויף שנייען געגעבן א פֿאַל,
ווי אונטערגעשניטן געפֿאַלן מען איז
און ס׳האָבן ווי גלעקער געהודיעט די פֿיס
מיט שטרעקעס, מיט שווערן געבראַזג פֿון טעכניק
אויף טראַקטן, פֿון רעדער און „רויפֿן" צעפּליקט,
מיט וויִוגעס, מיט זאַלפֿן פֿון נאָענט און ווײַט,
מיט דערפֿלעך וואָס פֿלאַקערן האַרט בײַ דער זײַט.

געוואַכט האָבן בלויז די „דאָזאָרן" אין וואַלד
און אַ פּאָלק האָט אַ מידער געפּראַוועט פּריוואַל.
ס'האָט קיינער ביי קיינעם געפרעגט, צי אויף לאַנג.

די זעלטענע רו האָט ווי שטאַרקער געטראַנק
פאַרשיכורט די גלידער, די וויעס געקלעפּט,
געפּלאָנטערט מחשבות דורך טרעפּלעך און טרעפּ...
און גרישע, ווי אַלע — אויף איזיקער ערד —
פאַרבאָרגן אין זיך און אין זיך איינגעהערט...
— וואָס קלערסטו, סערזשאַנט? — האָט מיכייעוו געפרעגט.
— איך קלער... צי די פּיס ניט צעקלאַפּט האָסט אין וועג...
— אין אָרדענונג זיינען זיי, חבר סערזשאַנט.
אין אָרדענונג, כּל־זמן ס'איז... אַ קאָפּ נאָך פאַראַן.
כּל־זמן ס'איז אַ וועלט נאָך צעהרגעט, פאַרוויסט
און ס'לעבט נאָך און שקאָדיעט נאָך אַלץ דער פאַשיסט!..
נאָר איך האָב געמיינט — קלערסט פון ווייב און פון קינד
און פאַרשמעקט האָט דיר, ברודער, מיט וואַרעמען ווינט.
— פאַרשמעקט האָט מיט „מאָרגן", מיכייעוו מיין פריינד,
און מאָרגן הייסט נעכטן געכּפּלט אויף היינט...
נאָר אָן „פילאָסאָפיעס", כ'וויל זאָגן גאַנץ פּראָסט —
פאַרשמעקט האָט, מיר דאַכט זיך, מיט זעלנערשן באָרשטש,
מיט באָרשטש און מיט קאַשע געשמאַקע סע שמעקט.
כ'הער קעסעלעך קלינגען שוין פריילעך... אַן עק —
די אָפּטיילונג הייב!
שאַגאָם־מאַרש — צו דער קיך
און אויספילן לאָמיר דערוויל אונדזער פליכט — — —
— — —

*

— ווײַזט אוים אין וואַלד ווען אויסקומען
הײַנט איבערזײַן די נאַכט,
ווײַל מאָרגן פרי, אַזוי קומט אוים,
באַדאַרף מען זײַן שוין „דאָרט” —
מיכייעוו טוט אַ ווונק צום פּראַנט
און טוט כּמעט אַ לאַך —
— איז דאַרף מען, ברודער, קודם-כּל,
זיך מאַסטיען מיט „קאָמפּאָרט”.
נו יאָ, געוויס, מע דאַרף דען רייד —
אין שטאַב איז דער סערזשאַנט? —
איז קלײַבט מען אוים אַליין אַן אָרט,
מע מאַכט עס ריין פון שניי
און כוואָיע-צווײַגן שפּרייט מען זיך
באַקוועמלעך, מיט פאַרשטאַנד,
און ס'טרעשטשעט שוין אַ שײַטער פײַן
און וואַרעמט לויט אַ ריי:
אַ מאָל — די פּלייצע,
אַ מאָל — די ברוסט,
אַ מאָל זיך דריי,
ווי דיר זיך גלוסט...

*

...עך, דו שײַטער, מײַן שײַטער
אין דער פינצטערער נאַכט,
ווער ס'איז הי,
ווער — דערווײַטערט
זײַן דומקע זיך טראַכט...
ווער די אָניטשעס טריקנט,
ווער סע כראָפּעט געדיכט,

ווער — מיט רייד וויל דערשטיקן
דעם אומרו אין זיך,
ווער מיט ווע̄מען זיך יישובט,
ווער — אַ ניגון פאַרציט —
און דער וואַלד בלייבט פאַרפישופט
פון אַ רוסישן ליד:
ווען מײַן בריוו כ'זאָל דערשרײַבן,
כ'זאָל דערזינגען מײַן ליד,
דײַנע פלאַמען, מײַן שײַטער,
כ'וואָלט אין הארצן פאַרהיט...
ווער ס'פאַרדרייט אַ ציגײַער,
ווער סע שטייט אויף דער וואַך —
עד, דו שײַטער, מײַן טרײַער
אין דער פינצטערער נאַכט — —
— — —

צי אַ שד האָט, מיכייעוו,
אין מיר זיך פאַרקליבן,
צי אין איר איז אַ דיבוק אַרײַן,
נאָר מיר האָבן זיך פײַנט געהאַט,
מעגסט מיר גלייבן,
זיך פאַרשטעלט איינס דאָס צווייטע —
די שײַן...
אָט אַזוי אין איין שול, אין איין קלאַס
דאָך געזעסן,
דו באַדאַרפסט עס, מיכייעוו,
פאַרשטיין —
טאָג-נאָך-טאָג ווי סע קרימט זיך אַ קלײַענדיק נעזל
און ס'חוזקן גריבלעך מיט חן,

יאָר־נאָך־יאָר ווי סע קלינגען ווי גלעקלעך די לאָקן
און ס׳פאַרשפּריצט מיט געלעכטער איר בליק...
ניט געוווּסט כ׳האָב, מיכייעוו, וואָס זאָל איך דיר זאָגן,
ניט געוווּסט אַז איך שטיק מיך פון גליק...

כ׳האָב, מיכייעוו, זי פיַינט געהאַט, גליבן דו מעגסט עס,
כ׳פלעג פאַרקערווען פון איר אין אַ זײַט,
נאָר פון טאָוול איך פלעג ניט באַוויַיזן צו מעקן
דעם פאַרשאָלטענעם אויפשריפט מיט קרייַד.

און אַזוי ווי אַ האַק צווישן אונדז וואָלט געפאַלן
אַט דאָס וואָס געווען איז פאַרשריבן —
„גרישע + גאַליע" — —
יאָ, „גרישע פּליוס גאַליע",
דערנאָכדעם אַ גליַיצייכן „ליבע".

*

דער לעצטער טויבער באַטאַרייע־דונער
האָט אָפּגעהילכט און אין די גרויע וויַיטן
זיך צערונען...
דאָן — טיף, אין ברוסטקאַסטן,
ווי אין אַ תּפֿיסה — אַ פאַרשפאַרטס,
האָט אָנגעהויבן פּלוצעם
דונערן — דאָס האַרץ...
צי ווייסט איר, ווי דעם שווערן פּחד
שינדט מען פון זיך אָפּ
און ווי מע דראַפּעט זיך אַרויס
פון דעם געמיטלעכן אָקאָפּ
דעם טויט אַנטקעגן?

בײַ גרישע עװענטאָװן זאָלט איר פרעגן,
פרעגט בײַ זײַן פרײַנד מיכײַעװ טימאָפײ,
בײַ אַלע — די, װאָס האָבן דאָן
געהאַט די זכיה
צו פויזען, לויפן, פאַלן
און אָפּגײן מיטן בלוט אויף אויסגעברענטן שנײ...
װער זוכה ס'איז געװען
אין דער סאָלדאַטן־קײט אַ רינגעלע צו זײַן,
דער װײסט,
װי אויגנבליקלעך ס'קומט
די לעבנסלאַנגע פּײַן,
אויב שיטערער און שיטערער
די ברידער־קײט אַלץ װערט,
ביז אײנזאַמקײט פאַרביטערטער
אויף גאָר דער גרויסער ערד.

ס'האָט גרישע עװענטאָװ פאַרביסן, שװער־געבויגן,
זיך אויך געריגלט אין דער קײט,
װאָס האָט געשלענגלט זיך און זיך פאַרלאָרן
אויף רוסלאַנדס װײַט,
אויף רוסלאַנדס ברײט!...

די הענט צום אויטאָמאַט ווי צוגעזאָטן,
זײַן אָפּטיילונג האָט ער געפירט נאָך זיך
און אויב געפאַלן איז אַ פרײַנד —
איז אויך זײַן שאָטן
געפאַלן אויף זײַן בלוטלאָזן געזיכט — —
— — —

צום דריטן מאָל
האָט אונדזער אָנגריף זיך פאַרכלינעט
מיט פײַנטלעך פײַער צווישן קריצנדיקע ציין,
די לופט געשניטן האָבן גרילצנדיקע מינעס
און יעדער איינער האָט דערשפּירט זיך —
פליייש־און־ביין.
אָנטבלויזטע קעגן פלאַקערדיק מעטאַל...
און ס'האָט די קייט צום דריטן מאָל
אויף שניי געטאָן אַ פאַל — —

## בײַם ראַנד פון דער פּאָעמע

איך האָב זיך אַ נדר געגעבן —
ניט מישן זיך. זאָל דער סוזשעט
זיך וויקלען, אַנטוויקלען זיך, לעבן
און איך זאָל פון ווײַטנס, פון העט,
מיט אײַך, מײַנע פרײַנד און פאַרערער,
נאָכשפּירן, צושויער זײַן...
נאָר ווײַזט זיך אַרויס, דאָס איז שווערער
ווי טיילן די פּײַן און די שײַן,
ווי טיילן דעם שיטערן ביסן,
ווי טיילן די ביטערע נויט.
ווי טיילן אויף העלפט דאָס געוויסן,
וואָס איז נייטיקער אפשר פון ברויט.
איך האָב זיך געגעבן אַ נדר
און ברעך אים, דעם נדר, אַליין.
די לירישע אָפּווענדונג, ליידער,
ברעכט אויף די פאַרשטשעמעטע ציין...

...סע שנייט און סע שנייט בײַ דער וויאַזמע,
בײַ וואָלגע, בײַם דניעפּער, בײַם פּרוט,
נאָר אַלץ איינס וועט דער שניי ניט באַווײַזן
פאַרלעשן די פלעקן פון בלוט.

איך ליג הינטער וויאַזמע פאַרשאָטן
מיט נאַסן, מיט קלעפּיקן שניי,
ווײַזט אויס, אַז איך לעב און איך אָטעם
און ס'טוט מיר קיין אבר ניט וויי...

נאָר פּאָרט בין איך אָט ערשט געפאַלן
און בײַם שונאס טראַנשייען איך ליג —
פאַר מײַן היימלאַנד און אויך פאַר סטאַלינען
האָט אַ קויל מיר דאָס מויל צעפליקט.

צי דערפאַר איז דער שניי אַזוי קלעפּיק,
צי דערפאַר איז דער שניי אַזוי נאָס
און באַדעקן ער וויל ווי אַ טעפּעך
מײַן בלוט, וואָס איז ליבשאַפט און האָס?

נאָר דער שניי וועט קיין זאַך ניט פאַרדעקן,
כאָטש ער שיט און ער שיט ביז אַצינד —
ווי נר־תּמידם די בלוטיקע פלעקן
און די שׂריפות געוויקלט אין ווינט.

שײַנען העל — כ׳זאָל ניט וויסן פון שוואַרצקייט,
מיט קיין ליכטיקייט זײַן כ׳זאָל צעקריגט, —
ווען ס׳האָט סטאַלין געשלײַדערט אין קאַרצער,
ווען ס׳האָט סטאַלין אויף קנעכטשאַפט פאַרשיקט.

אויף די ווונד, וואָס איז לאַנג שוין פאַרצויגן,
ווי אַ גילדענער שטערן זי שײַנט,
נאָר סע שרײַען פאַרוווּנדעטע פייגל, —
די פאַרפלויגענע יאָרן, — ביז הײַנט:

— יאָ, מיר פּיקן דײַן הארץ דאָס געטרײַע
און מיר שרײַען צו דיר דורך די נעכט —
האָסט געראַנגלט זיך, ברודער, פאַר פרײַהייט
און געקניט האָסטו פּאָרט ווי אַ קנעכט.

— מירן קיין מאָל ניט מוחל זײַן, קיין מאָל!
און מיר פּײַניקן דיך ביז צו לעצט —
כאָטש געפּאַלן ביסטו פאַר אַ היימלאַנד,
נאָר געבוקט האָסטו זיך צו אַ געץ...
— — —

איך האָב זיך אַ נדר געגעבן,
איך ברעך אים אַליין, ווי איר זעט:
צו ענג, ווײַזט אויס, זײַנען די קליידער
פון דעם קלאַסישן שטרענגן סוזשעט —
זיי פּלאַצן צו מאָל בײַ די נעט...

„אַרויסלאָזן" דאַרף מען, „פאַרנייען"
און אויס מיט דער ליריק, און — אויס!
ווײַל ביזקל דער האָן הייבט אָן קרייען,
קאָן שיער די נשמה אַרויס...

## איז געגאַנגען אַהיים...

איז געגאַנגען אַהיים אַ סאָלדאַט פֿונעם קריג,
די שטיוול פֿאַרוואָרפֿן אַריבער די אַקסלען,
די ערד האָט פֿון פֿרידלעכער פֿרייד זיך געוויגט
און די שטילקייט איז ביז צו די שטערן געוואַקסן.

אַ שטילקייט אַזאַ — נעם צייל אוים יעדער קלאַנג,
יעדער טריף, יעדער זיפֿץ אין דער נאַכט אין דער פֿרישער,
פֿון איינזאַמען שפּאַן דאָס פֿאַרקלערטע געזאַנג
און דעם שטומען געשפּרעך מיטן ברודער-געוויסן...

אַוועק איז ער, הייסט עס, פֿון אייגענעם טויט
און דעם שׂונא דורך זיבן מדינות געטריבן,
געטיילט מיט חברים די פּײַן און דאָס ברויט
און די היים, וואָס איז הינטער די פּלייצעס פֿאַרבליבן.

די היים! ווער וועט זאָגן: ווו הייבט זי זיך אָן,
אויף רחבֿותן וועלכע די היים זיך פֿאַרענדיקט, —
פֿון דער מאַמעס אַ ניגון און ביז צו דער פֿאָן,
וואָס פֿלאַקערט אַקעגן דער זון אַזוי בלענדיק?

צי גאָר פֿון אָט יענעם פֿרימאָרגן, ווען דו
ביסט אַוועק נאָך דער שײַן פֿון דײַן כּלהס אַ שמייכל,
פֿאַראַכטנדיק יעטווידער ווינקעלע רו,
פֿאַרליבט אין געפֿערלעכע שניי-ווײַסע הייכן,

און ביז צו דעם קליינינקן שטיקעלע ערד,
די צוויי הונדערט שפאַן בײַ די ברעגן פון וואָלגע,
אויף וועלכע ס׳איז פאַלן געווען דיר באַשערט
און שפּאַלטן די פינצטערניש, פלעטן דעם וואָלקן?

די היים! ווער וועט זאָגן: איר אָנהייב ווּ ליגט,
אויף רחבותן וועלכע איר ראַנד גייט פאַרלאָרן?...
איז געגאַנגען אַהיים אַ סאָלדאַט פונעם קריג,
ווי גלײַך ער וואָלט גיין צו די קינדערשע יאָרן.

די דאָרשטיקע חושים פאַרשאַרפט ביזן ברעג
אויף יעטווידער שפּור און אויף יעטווידער שפּירונג;
ווען ער לאָזט זיך אַצינד מיט אַ חלום אַוועק,
וואָלט דער חלום אים אויך אַזוי ווײַט ניט פאַרפירן...

אָט איז ער, דער טראַקט, און אָט איז ער, דער וועג,
וואָס האָט אים באַגלייט אין געפערלעכסטע שלאַכטן!
מיט פרישן געפלאַטער דאָס גראָז האָט געלעקט
זײַנע פיס די צעבײַלטע פון הונדערטער שליאַכן.

# איך זיץ אַ מאָל...

איך זיץ אַ מאָל, דעם קאָפּ געבויגן,
דעם שווערן קאָפּ אין בײדע הענט,
און שטיל פאַרשווינדן פאַר די אויגן
די הימלעכע געוווינטע ווענט...
און ס׳קומען ווידער מיר אַנטקעגן
וואַלדײַער ווועלדער גרײַז פון ווײ,
סמאָלענסקער אויסגעבענקטע וועגן
אין פלעקן בלוט אויף שטילן שניי...

די עלנט האָט אין מײַנע ביינער
זיך אײַנגעגעסן מער פון קעלט.
פון קעלט, וואָס האָט געשפּאָלטן שטיינער,
די וואָלגערשטיינער פון מײַן וועלט.

אָ, פרײַנד געפאַלענע... זיי ליגן
פון וואָלגע מײַנער ביז דער שפּרעע — —
וואָס יעדער איינער האָט פאַרשוויגן
זיך רײַסט פון מיר אין איין געשריי,

ווען כ׳זיץ אַ מאָל אין ענגן צימער,
דעם שווערן קאָפּ אין בײדע הענט,
און פאַר די אויגן שווימען, שווימען
די פּנימער צו שײַן געווענדט.

*

איך קער זיך אום אַ מאָל צום אַלטן קוואַל,
מיט פרישקייט שלאָגט ער, ווי צוריק מיט יאָרן,
און גריסט און וואָרנט: „לאַנג זיך ניט פאַרהאַלט!"
און שווענקט אַראָפּ דעם שטויב פון מײַן זכּרון.
„איצט מעגסטו ווײַטער גיין פאָרויס דײַן וועג,
נאָר ניט פאַרגעס, אַז הינטער דײַנע פּלייצעס
זיך ציט און שלענגלט, ווי אַ ניגון, יענער שטעג,
אַהין, פון וואַנען איך הייב אָן צו פלייצן.
אין וועלדערטיף, אויף באַרגהייך, צי אין סטעפּ —
ווײַז אָן דעם שטעג, אויב עמעצער וועט פרעגן.
כ'גיב אָפּ מיט פרייד די אוצרות מײַנע: שעפּ!
וואָס מער מע שעפּט — אַלץ רײַכער מײַן פאַרמעגן,
וואָס מער מע שעפּט — פאַרעקשנטער ז'מײַן דראַנג
צונויפצוגיסן זיך מיט ברידערלעכע קוואַלן,
איך בין דײַן ליד, און דײַנס איז דאָס געזאַנג
פון גרויסן ים — אַ כוואַליע צווישן כוואַליעס".

# טוביה דער מילכיקער

שלמה מיכאָעלסן

טוביה שטייט, די באָרד פאַרריסן הויך
צו די פרימאָרגנדיקע צאַנקענדיקע שטערן
און ס׳מריִעט ווי אין דורכזיכטיקן רויך
דאָס דערפעלע, דאָס היימישע, ביז טרערן...
ביז וואַנען גאָלדע ביַי די קריגלעך איז פאַרטאָן,
און ס׳איז דאָס פערדל ניט געשפּאַנט נאָך אינעם וואָגן, —
אַ דין־וחשבון ביַי דעם אייבערשטן ער מאָנט,
ביז וואַנען און ביז ווען, זאָל ער אים זאָגן —
„דיַין וועלטעלע איז, זאָגט ער, מלא־חן,
נאָר ווו איז, טאַטע, מענטשלעכקייט און יושר,
אַז ווי מע זאָל דעם פּסוק ניט פאַרדרייען,
בליַיבט פאָרט דער קבצן שטענדיק ווי אין דרויסן,
כאָטש פון די דאגות איז דאָס האַרץ געוווען פאַרקלעמט
און אויפן ביסן פלעגט מען אויסקוקן די אויגן,
איז טוביה פאָרט אַ מאָל געוועזן ווי אַ דעמב, —
מיט אַלע צוויַיגעלעך זיך צו דער זון געצויגן.

אַצינד איז מען אַ לעבעדיקער מת,
אַ בוים אָן צוויַיגן סטאַרטשעט אויף געלעכטער
און איינציקוויַיז פאַרלאָזט האָבן די נעסט
די קינדערלעך — די אויסגעשפּילטע טעכטער...
ווי גראַף טאָלסטאָי, דו בליַיבסט לסוף צום נאַר,
די טעכטער דיַינע, ניט געדאַכט זיי זאָלן ווערן,
צי ליבסטו זיי ניט, אַלטער, פאַר דער פּאַר —
די וועלט פאַרזאָרגט מען און פון זיך מע וויל ניט קלערן!

אַך, טי רבונו, וויפל איז דער שיעור,
ביז וואַנען און ביז ווען זאָלסטו מיר זאָגן:
צי דען איז גאָר ניטאָ קיין זינדיקערס פון מיר
וואָס נאָר אויף טוביהן וואַרפסטו אַלע פּלאָגן?

און טאָמער איז נאָך קאַרג — די ערד אונטער די פיס
דער קיסר ניט פאַרגינט און מלכותדיק באַפעלט ער:
לויף, טוביה, פון פּאָגראָמען, ווינד־און־וויסט,
און זוך אַ שטיקל היים זיך אויף דער עלטער.

נאָר ניט געזאָרגט, פאָר וויַטער, טוביה, פאָר!
אָט קומט אַנטקעגן דיר, ווי אַ פרימאָרגנדיקער צייכן,
די שמייכלענדיקע טרייסט פון דור־צו־דור,
דיַין אַלטער גוטער פריַינד שלום־עליכם!

# אַ ניגונדל

אײַ האָב איך הײַנט, חברה־לײַט, אַ ניגונדל געהערט, —
דאַרף מען פּשוט אויסלעקן די פינגער!
בײַם שנײַדן און בײַם סטריגעווען,
בײַם קלינגען מיט דער שער, —
אַלע מײַנע ביינדעלעך זיי זינגען.
אײַ דירי־בים־באָם,
אײַ דירי־בים־באָם!

ווער בין איך און וואָס האָב איך דען
אויף גאָר דער גרויסער וועלט?
סײַדן נאָר מײַן בידנע שער־און־אײַזן,
אַ ליאַדע דראָבנע קרעמערל,
ווען כ׳קום נאָר אויף זײַן שוועל
קאָן דאָך מיר די הינטערטיר באַווײַזן.
נאָר אײַ דירי־בים־באָם,
אײַ דירי־בים־באָם!

ס׳איז עפּעס ניט מיט אַלעמען דער „פֿײַנער" באַלעבאָס,
אַ גאַנצן טאָג ער הערט ניט אויף צו שרײַען,

אַ גאַנצן טאָג ער מאָרדעווועט און שמאָרעט מיט דער נאָז,
נאָר איך הער אים, דווקא, פֿאַר אַ דרייַער.
ווייַל איַי דירי־בים־באָם,
איַי דירי־בים־באָם!

איַי איז מיר הייַנט, חברה־לייַט, נישקשהדיק און וווּיל
און זאַט בין איך, זאַט — אַ פֿאַרגעניגן!
וואָס האָב איך דען אַ גאַנצן טאָג געהאַט הייַנט אין מייַן מויל,
חוץ דעם טעם גן־עדנדיקן ניגון:
איַי דירי־בים־באָם,
איַי דירי־בים־באָם!..

# לייב באַלעגאָלע

לייב באַלעגאָלע זיך קלאָגט אויף דער עלטער לפנים...
ער לײַט נאָך בײַ לײַט ניט קיין פּלייצעס,
ער האַלט נאָך, דער אַלטער, די שווערלעכע לייצעס
פון פערדלעך בולאַנע, פון יונגן און לוסטיקן ווײַבל,
פון בנים־עקשנים...

און ס'טרעפט, אַז די בויד איז פאַרפולט,
ניט מיט הײַנטוועלטיקע ביליקע כניאָקלעך, —
מיט פײַנע, פּאָרנעמע פאַרשוינען,
פאַרשפּאָרט מען שוין וויִאָקען —
ער ווערט שוין, דער אַלטער, די פערדלעך ניט שוינען —
דאָס לײַב. און דאָס לעבן, די לונג און די לעבער,
נאָר פליִען זיי וועלן אַזוי ווי די לייבן,
אַזוי ווי די לעמפּערטן וועלן זיי פליִען,
אַזוי זאָל דער קעלישעק בראָנפן אים בריִען !
און בריט ניט, דאַן נעמט ער — אַ צווייטן, אַ דריטן,
(ניט שטענדיק סע מאַכט זיך אַ קרעטשמע אין מיטן
אָטכײַען דעם נפש מיט מלכישער משקה,
דאָך בולקעט זיך שטענדיק אַ ביסל אין פלאַשקע)
אַ טרונק — און פאַרקרימט זיך, אַזוי ווי צום שטאַרבן,

דערנאָך — אַ פּאַרוויש מיטן ברייטלעכן אַרבל
די ליפּן, די וואָנסן, די פלאַמיקע ניאָניע,
דעם גאַרטל דעם גרינעם, במחילה, פּאַרצויגן,
אַ ממזרישער ווונק מיט די פריילעכע אויגן,
אַ ביסעלע „עברי”,
אַ פײַף — און ויברח!..

— — —

און גלעקעלעך גליקלעכע קלינגען,
אין זיבן מאָל זיבן קאָלירן סע פינקלען
ביימלעך און טײַכלעך און שליאַכן פּאָדאָליער

— — —

לייב באַלעגאָלע!

# אַ מעשה מיט אַ שנײַדער

אַ מאָל האָט געלעבט זיך אַ שנײַדער בכּבוד,
זײַן נאָמען געדענק איך ניט — יאַנקל, צי דוד,
אין פּוילן, אין ליטע, צי אפשר אין רײַסן —
גענייט, אַז מען זאָל צו געזונט עס צערײַסן.
געניית אויף טאַנדעט און פֿאַר יעדן באַזונדער,
געלאַטעט, געניצעוועט — פּשוט אַ וווּנדער.
געשניטן, געפּרעסט און מיט גרויס פֿאַרגעניגן
געזונגען דערבײַ מיט מתיקות אַ ניגון:

אײַ, גאָטעניו, ניי איך,
אײַ, טאַטעניו, פּרעס איך.
דײַן וועלטעלע, פֿאָטער,
איז אָגיל ואשמח!

דאָרף טרעפֿן זיך איין מאָל: פֿון דאַשעוו, צי דראַזשנע,
פֿליט אָן אויפֿן שטעטל אַ פּריץ אַ וואַזשנע.
די פֿערדלעך ווי פֿײַער — סע פּלאַצן די לייצעס,
זיי רײַסן פֿון צוים זיך, ווי חיות צערייצטע.
און זעט נאָר, דער קאָטש איז צום שנײַדער פֿאַרפֿאָרן...
דער פּאַן האָט געגעבן אַ קלונג מיט די שפּאָרן,
אַרײַן ווי אַ דונער אין אָרעמען הײַזל —
פֿאַרציטערט ז׳געוואָרן די שער און דאָס אײַזן:

אוי טאַטעניו-פֿאָטער,
דײַן וועלטעלע, דאַכט זיך...
סע זאָל נאָר אַ מאָל זיך ניט מאַכן,
ווי ס׳מאַכט זיך.

— העי, זשידלעק, ווי רופט מען דיך דאָרטן,
ווער ווייסט עס,
צי רופט מען דיך יודקאָ, צי בערקאָ גאָר הייסטו:
אָט האָסטו דיר סחורה, מען זאָגט ביסט אַ פּאַכמאַן,
דײַן אַרבעט מע לויבט. נו, איז פּלודערן מאַך מיר!

— דײַן סחורה איז פּרימאַ! מײַן שנײַדערל שמייכלט.
אַ מאָס נעמט ער תּיכּף און ס׳קרײַדל שוין צייכנט.
— ניט זאָרג זיך, אדוני, די פּלודערן וועל איך,
כ׳וועל מאַכן אַ צאַצקע, אַזוינס ווי אַזעלכעס —
ניט זײַן אויף דער וועלט וועט
קיין צווייטע פּאָר הויזן,
אָ, יאַסנאָוועלמאַזשנע,
אַז ניט לאָמיך אויסגיין!

געזאָגט און געטאָן — ניט פאַרבײַ נאָך קיין יאָר איז
און ס׳ברענגט שוין דער שנײַדער ס׳געניי צו דעם פּריץ.
נאָר יענער באַגעגנט אים מלא־רציחה:
— אַך שבט פאַרשאָלטענער, נישטיקער קריכער!
פאַרגעסן דו האָסט ווי סע לערנט דײַן תּורה, —
די וועלט פאַר זעקס טעג האָט באַשאַפן דער בורא.
און דו, — כ׳וועל באַפעלן די ביינער דיר ברעכן!
אַ יאָר אַ פּאָר פּלודערן מאַכסטו, באַרעכן!

— אָ, פּריץ, דערבאַרעם זיך.
גרייט בין איך לײַדן,
נאָר גלײַך ניט צום בורא
אַן אָרעמען שנײַדער —

ווער בין איך, וואָס בין איך — שינד אָפּ מיר די הויט,
באַפעל, אַז מען זאָל מיך פאַרשמייַסן צום טויט —
גערעכט וועסטו בלייַבן... ווי קום איך צום בורא,
צו דעם וואָס זייַן נאָמען כ׳דערמאָן ניט אוים מורא...
באַטראַכט אָבער, פאַניע, די פלודערן דייַנע,
דעם שניט, דעם פאַסאָן און די ליניע די פייַנע —
ווי שיין איז מייַן אַרבעט! קיין פעדעמל פעלט!
און זע נאָר גאָטס װעלטל — שוין איין מאָל אַ וועלט!..

נאָר גאָרניט. ווער וואַגט עס,
חלילה, זיך מעסטן —
כּל־זמן כ׳האַלט די נאָדל
איז אָגל ואשמח!

## די מעשה מיטן בער

אַ מאָל, אַ מאָל, איז קיין קאַסרילעווקע
אַ צירק פֿאַרפֿאָרן.
ס׳וואָלט געווים פֿאַר קינד־און־קייט
אַ גרויסער יום־טוב זײַן,
איז די שׂימחה אָבער גלײַך
פֿאַרשטערט געוואָרן:

פֿון צירק דער בער
האָט זיך
געטאָן אַ קער —
די שטײַג צעבראָכן
און —
אַנטלאָפֿן אויף דער פֿרײַ...
אײַ! אײַ! אײַ!
עס לויפֿט אַרום אַ בער
און טראַסקעט מיט די ציין —
ס׳אַ פּחד אויף דער גאַס אַרויסצוגיין!

איין גליק,
ס׳איז דאָך ניט הפֿקר־פּעטרישקע
און איבער אַלץ איז דער זאַקאָן —
דער ספּראַווניק ווייסט שוין וואָס צו טאָן,
כּדי פֿון דער סכּנה אַלעמען באַשיצן!
אַרויס איז תּיכּף אַ באַפֿעל צו דער פּאָליציע:
אַ נעם טאָן גיכער דאָס געווער,
דערטאַפּן און אַוועקשיסן דעם בער!

דערווײַל דערזעט מען, ס׳לויפט אַ ייִד אין מיטן גאַס
אין איינע שרעק,
דאָס פּנים, נעבעך, בלייך און בלאַס,
מיט קאַלטן שווייס באַדעקט.
— וואָסי, רעב ייִד?
— וואָס הייסט „וואָסי״? פאַרלאָזן זיך אויף גאָט?
מע מוז אַנטלויפן, ברידערלעך,
מאַכט אויך ויברח פון דער שטאָט!
— למאַי?
— אָט האָסטו דיך למאַי! מען דאַרף נאָך מער? —
האָסט ניט געהערט די שיינע מעשׂה מיטן בער?
— כאַ! כאַ! —
מיר האָבן שוין, אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען,
געהאַט אויף זיך פּראָצעסן מיט פּאָגראָמען
און ער האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ בער!
— ס׳אַ משל מיט אַ בער! איך הער אים ווי דעם קאָטער!
פון דער פּאָליציע, ברודערקע, ווי ווערט מען פּטור?

— וואָס איז אַזוי די מורא גרויס?
דו ביסט, חלילה, דען אַ בער?
— נו אוים!
דו חכמע זיך וואָס ווייניקער,
אַנטלויף אויף גיך,
ווײַל ווייסן ווייס איך עטוואָס מער:
ביז וואַנען און ביז וואָס
דערשיסט מען אויף אַ ווײַלע דיך

און גיי דערווײַז דערנאָך
אַז דו ביסט ניט קיין בער!

# מײַן זיידע יאָסעלע בדחן

## אָמר יאָסעלע

אָמר יאָסעלע בדחן פון דאַשעוו:
„און װעט איר זײַן פאַרכעס
און לאַנג נאָך קיין שימחות ניט פּראַווען,
בין איך מיר מישב
און גיב מיר אַן עצה —
אַ זעקל, אַ שטעקל,
די פיס אויף די פּלייצעס,
און גיי מיר פּאַוואָליע
פון שטעטל צו שטעטל...

אַז ווייל איז דעם וואָגלער אויף שליאַכן פּאָדאָליער,
די נעץ און די קעלט זײַנען לאַנג שוין אַנטלאָפן
דעריאָגן דעם ווינטער.
דער וואַרעמער הימל איז לויטער און אָפן
און לאַשטשעט די מענטשן ווי אייגענע קינדער,
סע בלישטשען די פרישינקע גרעזלעך פון נחת,
די שוועלבעלעך צוויטשען, די קאַליוזשעס לאַכן,
ס'איז גוט אויפן הארצן, און ס'פלעכטן זיך לידלעך,
סע פעלט נאָר צום רומל אַ שימחה בײַ יִדן...
פון דאַשעוו קיין הײַסין, פון הײַסין קיין בערשאַד...
ס'אַנטלויפן פון אונטער די פיס דיר די ווערסטן,

און טרעפסטו אַ פויער, וואָס גייט בײַ דער סאָכע,
דו טראָגסט אים אָנטקעגן אַ האַרציקע ברכה:
— דיען דאָברי, באַך וו'פּאָמאָטש, וואָס מאַכסטו, מיקיטע?
— אַ דאַנק, — זאָגט ער — יאָסקע, ווי שטענדיק,
ס'איז ביטער,
ניטאָ שוין קיין כוח די ליאַמקע צו שלעפּן,
ס'איז קראַנק די כודאָבע און שיטער דאָס טעפּל...
— עך, עך, טשעלאָוויטשע, בײַ אונדז איז דאָס זעלבע.
בײַ אונדז קרענקען ציגן, בײַ אײַך קרענקען קעלבער,
— אַ יאַק זשע פּרנסה? — פרעגט כיטרע מיקיטע.
— פּרנסה? — בעזנאָסע! דער קרופּניק איז שיטער...
— אַ שעפּסליאַ? — מיט שעפּסעלען שטעכט ער די אויגן.
דײַן פּריץ איז — פרעג איך — אַ שענערער פויגל? —

אַ רענדל אַרויף און אַ רענדל אַראָפּ
און ס'איז דאָ דער סך־הכּל:
— דאָס לעבן איז, הערסטו, ניט ווערט קיין פּיטאַקל.
— אָ, מאַך איך — איצטער האָסטו מיך פאַרשטאַנען,
אין מקח זיך אויסגעגלײַכט, קאָן מען שוין שפּאַנען.
— בוּוואַי מיר! — און ווײַטער אין וועג זיך געלאָזן.

מיט ריחות פון סאָסנע די ווינטעלעך בלאָזן,
די לופט אַ רפואה פאַר קאַליקע לונגען,
איך וואָלט ווי אַ פיש מיטן מויל זי געשלונגען.
און ס'פאָכען וויטראַקעס פאַרבײַ מיט די פליגל,
און דערפעלעך שווימען אַוועק ווי אַ ניגון,
ס'אַנטלויפן דאָך ממש די פריילעכע ווערסטן
פון דאַשעוו קיין הײַסין, פון הײַסין קיין בערשאַד...

— צי ווייסט איר, ווו דאַרף מען אַ חתונה שפּילן,
ס'וויל יאָסעלע בדחן ניט פעלן, חלילה,
אָט פּלאַץ איך פון מײַנע געפעפערטע גראַמען,
צי ווייסט איר אַ שימחה, איך זאָל ניט פאַרזאַמען?

אַ שטעקל, אַ זעקל, איך גיי מיר פּאַוואָליע —
אַז ווייל איז דעם וואָגלער אויף שליאַכן פּאָדאָליער...
נאָר קום איך — מע וווּנדערט זיך פּשוט געפערלעך:
— וואָס איז עפּעס, יאָסעלע, מיצקע דערינען?

— — —

ס'איז, הערט איר, אַ פּנים, אַ ביסעלע שווערלעך
בײַ אונדזערע ייִדן אַ שימחה געפינען."

*

— וואָס מאַכסטו דען, יאָסעלע, וויי איז דער מאַמען,
— איך לאַטע דעם ייִדישן דלות מיט גראַמען;
ווי ס׳לאַטעט דער שוסטער צעריסענע שקראַבעס,
די וואָך טו איך לאַטען מיט שטיקעלעך שבת.

— ס׳איז עפּעס אַן עסק דעם עולם צו קיצלען,
אַ ייִד מיט אַ באָרד און איז פּעיִק אויף שפּיצלעך,
אויף שפּילעכלעך, טענצלעך און ווילדע העוויות
און ווו איז דער תּכלית דען, זונעניו טרײַער?

— אוי, מאַמעניו, האָסט מיך אַזאַ שוין געבאָרן,
איך וואָלט פון געלעכטער צעשפּרונגען געוואָרן,
ווען כ׳קוק אויף דער וועלט און איך וואַרג זיך
מיט טרערן...
אַ גליק, וואָס אויף חתונות לאָז איך מיך הערן.

איך פליק מיר דאָס האַרץ אויף קאָליריקע בענדלעך
און וואַרף אינעם עולם, ווי גילדענע רענדלעך,
די פרייִלעכע גראַמען...
אוי, מאַמעניו-מאַמע!

— און ווו איז דער תּכלית?
— אָט הערסטו דאָך טאַקע.
איך פרעג בײַ דער וועלט און זי ענטפערט אַ מכּה!

## אַ זאָג

וואָס קוקט איר מיך, גבירימלעך, אָן,
וואָס גלאָצט איר אויף מיר מיט די אויגן?
איר האַלט אין די הענט — אַ האָן,
איך האָב אינעם הימל אַ פויגל.

באַהאַלט אים דעם האָן אין דער שטײַג,
באַוואָרנט מיט פרענט און מיט אײַזן,
אין קעשענע טראָג איך אַ פײַג,
און איך קאָן זי, חלילה, נאָך ווײַזן.

וואָס דאַרף איך מאַיאַנטקעס, מיט פערד,
מיט לאַקייען, ווי לאָקשן פאַרדאַרטע! —
ס'איז גענוג מיר דאָס גראָז אויף דער ערד
ווו איך טו אויף מײַן טײַבעלע וואַרטן.

# דער שכל קומט נאָך די יאָרן

— וואָס האָסטו זיך, יאָסעלע בדחן, פאַרקלערט?
— אייסעך און ווייסעך און גייט עס אין דר׳ערד!
ווי בראָנפּן אַ לעק און ווי טאַבעק אַ שמעק —
ווו זײַנען די גילדענע יאָרן אַוועק?..

אַ זונג און אַ שפּרונג, און אַ שלונג פון דער כּוסע:
דאָס האַרץ אויף לצנות פאַרקויף איך, רבותי!
נאָר פלוצעם, אין מיטן, פאַרבליבן בין איך,
ווי אַ ליכט, וואָס מען גיט אַ פאַרלעש אויף דער גיך...

שאַט, יִדעלעך, שאַט! כ׳בין געקומען צום שׂכל —
און דאָס איז, רבותי, אַ ביטערער צייכן:
פון יענער־וועלט קלינגט מען, איך זאָל ניט פאַרזאַמען,
מע ניטיקט זיך עקסטרע אין יאָסעלעס גראַמען.
גוואַלד, יִדן, וואָס קוקט איר,
וואָס שטייט איר און שמייכלט!
ס׳איז יאָסעלע בדחן געקומען צום שׂכל!
באַדײַ וואָלט איך בעסער משוגע געוואָרן,
וואָס טויג מיר דער שׂכל,
ווען ס׳פעלן די יאָרן!

## ווינטשעוואַניעס

וואָס כ׳קאָן ווינטשן מײַנע שונאים, —
זאָלן זיי פאַרמאָגן,
נאָר קיין הונגער ווינטש איך ניט,
למאי זאָל איך אײַך זאָגן.

זאָל זיך ברעכן זייער טיש
פון די פליישן, פון די פיש,
פון די טײַערע מאכלים,
וואָס איך זע זיי ניט אין חלום,
פון די ווײַנען און געבעקסן —
ס׳איז ניט ווערט בײַ מיר קיין זעקסער!
נאָר ניט שטראָף מיך פאַר די רייד —
כ׳ווינטש זיי ניט בײַם טיש קיין פרייד,
און קיין ברעקל פאַרגעניגן
זאָלן זיי בײַם טיש ניט קריגן.

וואָס כ׳קאָן ווינטשן מײַנע שונאים, —
זאָלן זיי פאַרמאָגן,
אויך אַ דאַך איבערן קאָפּ,
למאַי זאָל איך אײַך זאָגן.

ניט קיין דאַך — פּאַלאַצן גאַנצע,
סײַ צום זיצן, סײַ צום טאַנצן,
ספּאַלניעס, העלפּאַנדביין — די בעטן,
שפּיגלען, ליוסטרעס און קלאָזעטן,
רײַכע טעפּעכער טערקײַער —

ס'איז ניט ווערט ביי מיר קיין דרייער!
נאָר קיין שלאָף זאָל זיי ניט נעמען
אויף די בעטן די באַקוועמע —
זאָלן זיי זיך דרייען, דרייען,
און די נאַכט זאָל ניט פאַרגייען!

וואָס כ'קאָן ווינטשן מיינע שונאים, —
זאָלן זיי פאַרמאָגן,
נאָר די קינדער שעלט איך ניט,
למאַי זאָל איך אייך זאָגן.

איי דער טאַטע איז אַ הונט,
וואָס האָב איך צום קינדס געזונט?
יעדעס קינד איז ריין און שיין,
ריין און שיין און מלא־חן,
פריש און זיס ווי דער פרימאָרגן,
נאָר דאָס גוטס — אין זיי פאַרבאָרגן!
אויף דעם שונאס קינד איך בענטש —
זאָל עס אויסוואַקסן אַ מענטש,
און דער שאָטן פון זיין טאַטן
זאָל חלילה אים ניט שאַטן!

## ווײַן און חכמה

דער בעסטער, דער טײַערסטער ווײַן —
אין פּעסער,
אין פּעלענע פּענכערס,
אין ליימענע כּלים
פֿאַרהיט קאָן ער זײַן!

נאָר וואָלט איר,
כּדומה למשל, געוואָלט
אין זילבערנע כּלים,
אין כּלים פֿון גאָלד
באַהאַלטן דעם ווײַן —

ניט געדאַכט זאָל עס זײַן:
זויער ער ווערט,
עסיק ער ווערט, —
ס'טויג אין דער ערד!

— איר הערט?
ס'איז אפֿשר איבעריק דערבײַ צו ריידן,
אַז חכמה מוז, ווי ווײַן,
אין פּשוטקייט זיך קליידן...

## וואַלד און אײַזן

— ווען ס'האָט אײַזן זיך באַוויזן אויף דער וועלט
אַדורכגענומען אַלע וועלדער האָט אַ קעלט,
דורכגעשוידערט פון די וואָרצלען ביז די קרוינען:
איצטער וועלן קומען רוצחים־העק
שינדן, וואַלגערן,
דעם שענסטן בוים ניט שוינען!

— וואָס איז דאָ אַזוי די שרעק? —
האָט געחוזקט אין דער שטיל דאָס אײַזן. —
גיט קיין האַלץ ניט פאַר דעם שטיל,
וועט קיין האַק אַפילו זיך ניט ווײַזן!..

# יי״ש

ווען איך נעם אַ ביסעלע יי״ש
פינקלט אַלץ און גלאַנצט.
כ׳גיב אַ וואָרף די פּוסטע פלאַש
און איך גיי אַ טאַנץ.

אוי, אוי, צוקער־זיס —
האַלט מיך ביי די הענט.
ס׳פלעכטן בייגעלעך די פיס —
די נשמה ברענט.

וואָס מיר שוויגער, ווער מיר ווייב,
ווייס איך זיי, די שלעק.
מיטן ערשטן קעלישעקל ווייַן
שווימען זיי אַוועק.

אוי, מאַמע, צוקער־זיס,
ברידער קומט אין קאָן!
לאָמיר ווייַזן, ווינד־און־וויסט,
וואָס אַ קבצן קאָן!

ווער מיר דאגות, וואָס מיר זאָרג,
שטראָף ניט פאַר די רייד,
גיב מיר, גאָטעניו, אויף באָרג
כאָטש אַ טראָפּן פרייד.

אוי, טאַטע, צוקער־זים,
דאָס רעדעלע זיך דרייט —
ס׳קאָסטן צרות האַלב־אומזיסט,
שפּרינג צעזעצטערהייט!

ווען איך נעם אַ ביסל יי״ש,
בין איך גאָרניט דער,
כ׳גיב אַ וואָרף די פּוסטע פלאַש
און איך גיי אַ שער.

אוי, אוי, צוקער־זים,
האַלט מיך ביי די הענט,
ס׳פלעכטן בייגעלעך די פים,
די נשמה ברענט!

# אַ וואָרט פאַרן טויט

געווים וועט איר טרויעריק זײַן, מײַנע פרײַנד,
נאָר טרויערן לוינט זיך ניט לאַנג —
דאָס רעדל וועט ווײַטער זיך דרייען גאַנץ פײַן,
ס׳וועט גיין זיך זײַן פריילעכן גאַנג.

כאָטש פריילעכקייט האָב איך פאַרמאָגט אויפן לויט
און צרות — אויף פודן פאַרמאָגט,
פון דעסטוועגן לויב איך דאָס לעבן און זאָג:
פאַרברענט זאָל ער ווערן, דער טויט!

די גליקן פון גאָר דעם גן־עדן, איך שווער,
כ׳וואָלט אָפּגעבן, זײַט ניט באַטריבט,
פאַר אַ ביסעלע צרות אָט דאָ אויף דער ערד,
ווו געוועזן כ׳בין שטערבלעך פאַרליבט.

כ׳וואָלט געוויינט און געלאַכט,
מיט מײַן חיות פאַרבראַכט,
און פון אָרעמע קרובים און פרײַנד
כ׳וואָלט מיט ליכטיקע גראַמען געטריבן די נאַכט,
ביז מײַן שטערן וואָלט שטערבלעך געשײַנט.

# אברהמעלע און בליומציע

## אויפן שפּאַציר

געוועזן ביסטו, מײַן שוסטעריונג,
אַ פרייליעכקייט, אַ ברען!
וואָס איז מיט דיר, אברהמעלע,
פון וואַנען און פון ווען?

סע קלאַפּט ניט מער דאָס העמערל
און ס'ציט ניט מײַן די צוואַנג...
די כּלי האָסטו צוגעקילט? —
מע הערט ניט קיין געזאַנג.

און ס'וואַרטן דײַנע חברה־לײַט
אַן אָוונט הײַנט אומזיסט...
די פּיס, חלילה, ווייטיקן, —
דײַן טענצעלע ווו איז?

דײַן טענצל און דײַן לידעלע,
דײַן שפּיצלדיקער וויץ...
די מרה־שחורה קריכט אויף אונדז,
אברהמעלע, באַשיץ!

„גאָלדפּאַדעמס" זיסע שטיקעלעך
האָסטו צו אונדז געבראַכט —
„די לינדנביימער טרויערן
נאָך דיר אַ גאַנצע נאַכט..."

ס׳איז אויפן שפּאַציר אומעטיק,
די מיידלעך בענקען אויך.
ווּ ביסטו דען, אברהמעלע? —
פאַרשווּנדן ווי אַ רויך...

## בײַ בליומציען אינעם ווינקעלער

ס׳איז פרייליך הײַנט אין ווינקעלער —
סע שוויצן אַזש די ווענט;
אין ווינקל זיצט אברהמעלע,
דעם קאָפּ אין ביידע הענט.

פאַרלאָשן דער ציגײַער ליגט,
פאַרגעסן איז די גלאָז...
פאַרקלערט האָט זיך מײַן שוסטעריונג,
אַראָפּגעלאָזט די נאָז...

און בליומציע בליט,
און בליומציע פליט,
און די פּאַטשיילע ברענט.
די געסט באַדינט זי שמייכלענדיק
און ס׳בלענדן אירע הענט.

זי פליט פאַרבײַ און טוט אַ ברי
אברהמלען מיטן בליק
און ס׳יאָגט איר נאָך זײַן בענקעניש
און ציט זי אויף צוריק.

## און דאָ קומט יאָסעלע אַרײַן

די טיר צעפּראַלט זיך לאַכנדיק,
אוי, ברודער, שאַט נאָר, שאַט:
ס'קומט יאָסעלע דער דאַשעווער
אַרײַן מיט אַ וויוואַט!

דאָס פֿליִענדיקע בערדעלע
פֿאַררוקט איז אָן אַ זײַט...
— ברוך־הבא, רב יאָסעלע,
פֿון נאָענט, צי פֿון ווײַט?
און ס'ציִען זיך צו יאָסעלען
די קעלישעקלעך ווײַן,
ווי ס'ציִען זיך די בלימעלעך
פֿרימאָרגן צו דער שײַן.
די אויגן ווערן גלעטנדיק
און בענקענדיק און ווײַט:
„מכבד זײַן אַ בדחן איז
אַ מיצווה, יונגע־לײַט,
פֿון ווייסעך־ווו איך קום אַצינד,
כ'בין אויסגעווען אַ וועלט,
געגראַמט, געטאַנצט, געלצעוועט
און פֿרייד האָט מיר געפֿעלט...

דאָך גראַמען מיט המצאהלעך
געבראַכט האָב איך — אַ זאַק,
נאָר בליומציע, לא, איך וואַרף מיך ניט,
איך גיב זיי ניט פֿאַר ת"ק!
ווײַל דיר איז, כ'לעבן, פּראַסט אַ זינד
פֿאַרבלײַבן לאַנג אַליין —

אַ שטאָט מיט כּלות טריקענעז,
פאַרשעלטן דײַן געביין!״

ס׳ווערט בליומציע רויט און קנײַכנדיק
זי טרײַבט פון זיך די פאַרב —
„אוי, גייט שוין, גייט... גענוג שוין אײַך,
מען קאָן פון אײַך... איך שטאַרב!...״
זי לאַכט און פלאַמט נאָך העלישער,
נאָר ס׳טוט אין האַרץ אַ שניט:
מיט אויגן מיט משוגענע
אַברהמעלע זי ציט...

## אָט איז בליומציע

זאָלן לײַטן באַלעבעטשען —
כ׳הער זיי ווי דעם שניי!
רק באַרעדט מען, רק באַרעדט מען,
פּלאַצן זאָלן זיי!

זינט מײַן גרשון איז געשטאָרבן,
ליכטיק זאָל אים זײַן,
קוואַר איך, דאַר איך, מײַנע שונאים,
האַנדליווע מיט ווײַן,
כ׳קוק אַרויס ווי אויף משיחן
פון דער שיינער שענק —
טאָמער קומט אַ מאָל אַ שיכּור,
שיק אים גאָט אַ קרענק!
לויף איך תּיכּף הענדעם-פענדעם
קניקסנדיק און פײַן:
— וואָס פאַרלאַנגט איר, דאָבראָדיעו,
ווימאָראָזיק? ווײַן?

צי אפשר עפּעס ברײַענדיקס
פֿאַרלאַנגט איר אַקוראַט! —
דערלאַנג איך אײַך דאָס „אָדערל"
פֿון סאַמע העכסטן גראַד!
און פֿליט אין מאָנאָפּאָלקעווסקע,
אין צאַרסקע פּאַראַדיז —
פֿאַרגעסט נאָר ניט די קלינגערלעך
אַ וואָרף טאָן אויפֿן טיש.

זאָלן לײַטן באַלעבעטשען —
כ'הער זײ מיטן שנײ.
רק באַרעדט מען, רק באַרעדט מען,
פּלאַצן זאָלן זײ!
שולדיק בין איך, טאָמער קומען
יונגע-לײַט אַרײַן.
זינגען, לצעווען און טרינקען
פֿינגערהויטלעך ווײַן — —
— — —
סע קײַקלען זיך די פּעסעלעך,
מע קלאַפּט זיך אין לאָטאָ.
מע לויבט מיך אין דער וועלט אַרײַן,
באַגלײַך איך בין ניטאָ.

מע קוקט ניט אין די טעלער גאָר,
מע פֿרעסט מיך מיטן בליק,
מע מאָלט מיך ווי אַ מלאכל —
מע מיינט איך בין באַגליקט!

— בליומציע, בליומע, בלימעלע, —
הייבט זיך אויף אַ יונגאַטש —

— איך קאָן דיך ניט אַרומנעמען
אוים מורא פאַר אַ פּאַטש...

— בליומע, בליומציע, בלימעלע, —
ווי האָניקטייג ער קלעפּט:
— איך קאָן דיר ניט אַ קוש געבן
אוים מורא פאַר די קלעפּ...

אַ צווייטער פרעגט אַ קלאָץ־קשיה:
דערקלער אים ניט קיין סך —
דעם כּוח פון די חן־גריבלעך,
ווען בליומציע טוט אַ לאַך.

און מיט „פּרנסה”, דאַנקען גאָט,
כ'בין, דאַכט זיך, שוין פאַרזאָרגט:
דו שענק אים נאָר אַ שמייכעלע
אַ נאַכט ער טרינקט אויף באָרג! — — —
— — —
נאָר פּלוצעם טוט זיך יאָסעלע
אַ הייב, אַ קלאַפּ אין טיש:
— עד־כּאן! געָנוג שוין, הענדעלעך,
גענוג שוין אײַך — האַ — קיש!

ס'איז בליומציע... נאָר די דימענטן
איך וואַרף ניט אויפן מיסט.
כ'וועל גראַמען אויף איר חתונה
פאַר איר אַליין, אומזיסט!

אַט זיצט מײַן פרײַנד אברהמעלע
און שטילערהייט ער צאַנקט.
„אונד איבערפאָל זיין הערצע איסט
מיט שטערבליכעס געזאַנג”...

גענוג שוין, ליבע ברידערלעך,
לאָזט איבער אים אין שענק,
כ'האָב אויך אַ מאָל, ניט דאָ געדאַכט,
מיט ליבעניש געקרענקט...

### „ער זאָגט צו מיר אַזוי”...

זיי זײַנען זיך אַוועק, און איך,
פון בושה ווער פאַרברענט,
סע פאַלן מיר די טעלער,
שׂונא־ציון, פון די הענט.

ער שווײַגט.
ער שווײַגט, אברהמעלע,
מײַן הארץ נאָר טיאַכקעט הויך,
עס חלשט פאַרן שוסטעריונג:
— נו, טו זיך אָן אַ כוח!..

נאָר דאַנקען גאָט, —
ער הייבט שוין אָן,
דער שטערן איז אין טוי,
די אויגן זײַנע פלאַקערן,
ער זאָגט צו מיר
אַזוי:

— באַלעבאָסטינקע, באַלעבאָסטינקע,
געזונט זאָלט איר מיר זײַן!
זאָל זײַן כאָטש פונעם פּראָסטינקן,
גיסט אָן אַ גלעזל ווײַן.

קיין שיכּור, ווייסט איר, בין איך ניט,
נאָר ס׳טוט אַ מאָל אַ קלעם...
קיין גאָלד, פאַרשטייט זיך, שפּין איך ניט,
נאָר דאַנקען גאָט פאַר דעם...

אַ שוסטער בין איך, קרוינעניו,
אַ פלעקל צו די שיך.
נאָר גייט געפינט אַזוינעם נאָך,
וואָס בקי איז ווי איך —

אַ ריבטשיקל, ווי לײגט מען עס,
ווי שניצט מען אָן אָפּצאַס,
וואָס דאַרף מען, כ׳בעט אײַך, לייקענען, —
סע וואַלגערט זיך אין גאַס?

באַלעבאָסטינקע, באַלעבאָסטינקע, —
אַ קאַפּעטשקעלע, קרוין!
ס׳איז רעכט פון גאָט אַ בלאָז צו טאָן
און ס׳פאַלט אַזאַ פאַרשוין...

פון זינט איך בין באַקענט מיט אײַך,
און כ׳קום צו אײַך אַרײַן,
בין איך ווי אַ געפּענטעטער
און ס׳נעמט מיך ניט קיין ווײַן!

קיין מיידלעך מער דערמאָנט מיר ניט,
וואָס גייען זיי מיך אָפּ,
ווען ס׳האָט מיר מײַן אַלמנהניו
אַראָפּגעדרייט דעם קאָפּ!

פֿאַרשטאָכן ווי אַן אָל אין האַרץ
און ס׳ציט פֿון מיר די קליי,
וואָס בין איך, וואָס, אַ שטאָלענער?
סע טוט מיר טאַקע וויי.

באַלעבאָסטינקע, באַלעבאָסטינקע!
לאַנג לעבן זאָלט איר, לאַנג.
איך האָב שוין באַלד קיין לשון ניט
און ס׳לעשט ניט דאָס געטראַנק.

אַ חופּה מיט פֿיר שטעקענער
און נעמען זאָל אַן עק!
איך קאָן שוין מער קיין רגע ניט,
וואָס בין איך, וואָס — אַ שנעק?

און זאָלן די כּלי־זמרימלעך
אַ זעץ טאָן, ווי ס׳געהער:
„אַ קאָזעקל” אין שפּאָרעלעך,
אַ פֿריילעכס מיט אַ שער,

דאָס פֿידעלע זאָל דרשנען
און כליפּען זאָל דער באַס,
און יאָסעלע דער דאַשעווער
זאָל גראַמען, ווי סע פּאַסט.

ווײַל דו ביסט אַ געבאָרענע
פּאַר מיר אַליין. און שוין...
חוץ אַלעמען פֿאַרשפּאָרן מיר
שדכנות־געלט, מײַן קרוין".

— — —

...נו, זאָגט אַליין, ווי זאָגט מען אָפּ
אַ שוסטערוק — אַ פֿערד?
„שדכנות־געלט פֿאַרשפּאָרן מיר" —
האָט איר אַ מאָל געהערט?

„שדכנות־געלט פֿאַרשפּאָרן מיר" —
געזען האָט איר אַ כוואַט!..
געבליבן איז, די חתונה
מיר שפּילן אָפּ אין שבת.

— — —

# פאַרן באַזעצן

ברייטער, מחותּנימלעך, די טויערן און טירן,
די כּלהניו, די כּלהניו, די כּלה טוט מען פירן,
און טאָמער ווילט איר וויסן גאָר דעם יִחוּס פון דער כּלה,
טאָ זאָגט מען, אַז פון הימל איז אַ שטערנדל געפאַלן.

און טאָמער איז אייך וויניקלעך דער נדן, וואָס מע גיט,
טאָ ברענגט זי פאַר דעם חתן דעם גן־עדן מיט זיך מיט,
דעם גן־עדן, חתן־לעבן, ברענגט זי צוליב דיר,
וואָס זשע שטייסטו חסר־דעה? — עפן אויף די טיר!

שטילער, שטילער, ברידערלעך — די כּלה קומט אַריַין.
אוי, ניט אַזוי דער שטערן, ווי די פינקלענדיקע שיַין,
ניט אַזוי די שיינקייט, ווי דער צוגעדעקטער חן —
די צעפּ איבער די אַקסלען און דאָס פּאַוועדיקע גיין.

די טרערן אין די אויגן, ווי די ראָסע אויף אַ רויז,
ווען ס'קומט נאָר דער פרימאָרגן אויף גאָטס וועלטעלע אַרויס.
און ווען אַ שמייכל טוט באַוויַיזן אירע פּערלדיקע ציין,
דאַרף מען שטאַרקער זיַין פון איַיזן: זאָגן כּלה־לעבן, וויין.

נאָר אַ בדחן, ברידערלעך, קאַפּויר דאָך טוט אַלצדינג:
ווען ס'איז ביטער אויפן האַרצן — קיצלט ער און זינגט.
און ווען דאָס האַרץ איז נאָך אַ שמייכל דאַרשטיק
און פאַרחלשט,
שריַיט ער, בעט ער זיך און כליפּעט: וויין זשע,
וויין זשע, כּלה!

## דערציילט אויף אַן אָרעמער חתונה...

### הקדמה

וואָס האָט איר, קבצניוקעס,
אַרויסגעשטעלט די באָלעכעס?
דאָס מויל איז — ביז די אויערן,
די אויערן — פאַרשפּיצט...

הײַנט וועל איך קיינעם פון די גבירים
ניט באַמאָלן אײַך,
קיין ניבול־פּה וועל איך ניט ריידן
איצט.

אַפילו שעפּסל דעם פּראָצענטניק
ניט זאַטשעפּען כ׳וועל, חלילה,
ער איז אַ פרומער ייִד,
אַ זײַדענער,
אַ שטילער
און ווי אַ מילגרוים פול
זײַן טײַסטער איז
מיט כּשרע נשמות.
דערצו האָט ער די פײַנע שטאָט
אין שול
און אין דער שטאָט —
דעם פײַנעם נאָמען...

אוי דאַרף מען,
פּליאַסקעדריגעס און פּאַרטאַטשעס,
אוי דאַרף מען אײַך אוועקלייגן
און פּאַטשן, —
סטײַטש, איר זאָגט:
ער איז אַ קאָכלעפל פון אונטן
און אַ טעלערלעקער אויבן!
אָט גיי איך טאַקע גלייבן,
ווען איר שרײַט,
אַז ער פּאַרמאָגט אַ גילדן שליסעלע
צום פּריץ
און אַ גרויסן שלאָס
פאַר אָרעמע-לײַט!

ניין, ניין,
איך וויל אפילו הײַנט
קיין ניבול-פּה ניט הערן.
כ׳וועל זײַן פאַר שעפּסעלען
אַ גוטער מליץ-יושר, מעג איך שווערן,
פאַר אים און פאַר זײַן שטאַם,
דער דאַרער צנועה — דער מאַדאַם, —
אַ גילגול פון אַ שערל —
זײַן סערל מיט די פּערל...
אויך פאַר די טעכטערלעך די פײַנע,
וואָס רימפּלען אויף דער פּיאַנע...
נאָר דער עיקר — ניט פאַרגעסט
די איידעמלעך, וואָס פּיקן זיך אַרויס
פון קעסט, —

וואָס איינער אין געשעפט
דאָס בײַכל טוט שוין גלעטן,
דער צווייטער שוין שטודירט ערגעץ
אין די פּיי־טער־באַר־גער
או־ני־ווער־סי־טע־טן!

נאָר שקאָצים, ניט געכאַפּט,
ס'איז ניט קיין הייסע פאַרפל,
דאָס גוטע וואָרט פאַר שעפּסעלעך
וועל איך נאָך באַדאַרפן
און דערווײַל,
ווי באַלד עס איז צום אָרט
דערצייל איך אײַך אַ מעשׂה
וועגן אַ גוט וואָרט.

**איז — הערט:**

פון די ווינקעלעך, קלעזמער,
פון די ווינקעלעך,
אויף די סורדינקעלעך, קלעזמער,
אויף די סורדינקעלעך!
האַלט אונטער מיר דעם טאָן —
די מעשׂה הייב איך אָן...

שטעלט פאַר אײַך אַ שטעטל אַ מאָל אין דער ליטע —
אַ שול, אַ בית־עולם, אַ מאַרק אין דער מיטן
און שטיבלעך, געוויינלעך, באַדעקטע מיט שינדלען,
און ווײַבלעך, וואָס האַלטן כּסדר אין קינדלען,
אַ גבאי, אַ שטאָטבאָק, אַ בלאָטע אַ טיפע,
אַ משוגענער אויך און אַ „קנעפּל" מיט שליפעס...
אַ באָד מיט אַ מיקווה, מלמדים און ציגן,

אַ בדחן, וואָס גייט פון דער וועלט פאַר אַ ניגון
און חסידים, וואָס נאַשן בײַם רבין שיריים
מיט שקאָצים־פּראָסטאַקעס, וואָס רק נאָר זיי שרײַען —

אַ שטאָט מיט קבצנים — אַ ייִדישע שטאָט,
נאָר ניט ווי בײַ לײַטן — באַוואָרן מיך גאָט!
באַהיט זאָל מען ווערן! פון קליין ביזקל גרויס,
געלעבט האָבן דאָרטן ליטוואַקעס דורכויס!..
נאָר ווי זאָל איך ווײַטער מײַן מעשׂה דערציילן? —
סע שווײַגן די קלעזמער מיט זייערע כּלים!

קלעזמאָרימלעך, דערמונטערט מיך,
ניט באָמקעט אונטער סתּם,
האַלט אונטער מיך, האַלט אונטער מיך,
האַלט אונטער מיך צום גראַם!

...און אַ ליטוואַק, אַ צלם־קאָפּ, שייך צו זאָגן,
די קרימלעכע געננג מיט די ווילדע מינהגים!
למשל, געווען דאָרט אַ מינהג בײַ זיי:
ווערט נפטר אַ קבצן, איז — תּיכּף, איינס־צוויי, —
אַ כאַפּ אויפן קאַרק און — אַראָפּ פונעם מאַרק!

נאָר טאָמער (אוי־וואַ) ס'טוט אַ שטאַרב מיט אַ מאָל
אַ נגיד, אַ תּקיף, אַ קנאַקער בײַ קהל,
דאָן טוט מען ניט אײַלן, דאָן טוט מען ניט כאַפּן
און ס'העלפט קיין געשריי, קיין געוויין, קיין ממתּקים,
קיין קלאַפּ אינעם שטענדער, קיין אל־מלא־רחמים —
דער בר־מינן ליגט און... קבצנימלעך לאַכן,
פאַר וואָס? ווײַל געווען איז אַ דין דאָרט אַזאַ מין:

מע ברענגט ניט צו קבורה דעם נגיד — ביז וואַנען,
ביז וואַנען אַ קבצן דערבאַרעמט זיך, הערט איר,
און זאָגט וועגן מת כאָטש אַ פּאָר גוטע ווערטער...

אַ ליטוואַק, דאָס ווייסט איר אַליין דאָך, איז קאַרג —
אַ הערינג ער עסט און טאַפּט זיך ביים קאַרק,
צי איז ער ניט פעטער געוואָרן אַ ביסל,
צי ווערט ניט געדיכטער די גרויפּ אין דער שיסל,
בפרט אַ גוט וואָרט אויף אַ נגיד פאַרלאַנגען —
באַדאַרף מען שוין ציִען מיט אײַזערנע צוואַנגען!
נאָר, מילא, נאָר גאָרניט, נאָר יאַקאָש, נאָר דאָך...
(די קלעזמער, זיי מאַכן אין הארץ מיר אַ לאָך!)

קלעזמאָרימלעך, האַלט אונטער מיר
דעם סאַמע רעכטן טאָן!
ניטאָ קיין צײַט אײַך מונטערן —
דעם עיקר הייב איך אָן.

נאָר איין מאָל, נאָר פּלוצעם, נאָר ראַפּטעם, הערט אויס
מיך —
ס'גייט כאַדאָראָם ליטע, אין שטאָט טוט זיך חושך:
מע קלײַבט זיך אין רעדלעך, מע חקירהט, מע טענהט,
מע היצט און מע שוויצט און די אייגעלעך שײַנען,
מע האַוועט, מע פּליט, ווי געריירטע פון זינען...

— וואָס איז פאַר אַ שימחה אין מיצקע דערינען?
— סטײַטש, הערט נאָר אַ מעשׂה, איר ווייסט ניט,
רב קרוב? —
דער גרעסטער פּראָצענטניק איז ניפטר געוואָרן!

אַזאַ דבר־אַחר, אַ זלידניע, אַ צאַפּער,
אַזוינס איז גאָר שווער אויף דער וועלט צו דערטאַפּן,
גיי זוך איבער זיבן־מאָל־זיבן מדינות
וועסטו אַזאַ שפּין אויף דער וועלט ניט געפינען!

— געשטאָרבן? אָו־וואַ! איַי־איַי־איַי!.. ס׳איז באַשערט!
ס׳אַ רחמנות אַזעלכעס צו באַגראָבן אין דר׳ערד...
— באַגראָבן? כע־כע! ער וועט, מירצעשעם, ליגן
אַזוי ווי אַ גראַף... הלוואַי זאָג איך ליגן!..

בקיצור, מען האָט זיך געקאָכט אַ טעג צוויי
דערנאָך איז דער עולם צעגאַנגען, ווי שניי:
דער שוסטער האָט ווידער געשטשאָבעט אַ שקראַב,
דער באָנדער האָט ווידער די רייפן געקלאַפּט,
געוואַרט האָט אויף קונים דער קרעמער אין קלייט,
דער מעקלער האָט ווידער זיַין דרייעכץ געדרייט,
דער תּנא האָט ווידער זיַין דרינגעכץ געדרונגען
און ייִדעלעך — ווידער געשטאָרבן פון הונגער,
און וויַיבעלעך ווידער בפירוש געקינדלט
און ס׳האָבן די טעג ווי אַ מילראַד געשווינדלט...

קלעזמאָרימלעך, געלאַסענער —
אויף די סורדינקעס, קוים:
אַ זילבערנער, אַ בלאַסינקער —
אַ ניגון אויף אַ צוים.

...און דערוויַיל קערט זיך איבער דער גבירישער מויער,
די גבירנטע חלשט, די טעכטערלעך וויען...
די איידעמלעך שלעפן שוין פראָסט פאַר די פּאָלעם:

— רב קבצן, מיר ווילן, וואָס אַרט אײַך, באַצאָלן!
— אַ רענדל אַ וואָרט, אַ גוט וואָרט ווען מת...
אַ האַלבע ירושה, זײַט מוחל, פאַרגעסט,
— נו איז ער׳ געווען, ווי זאָגט איר, אַן אכזר...
— נו איז ער געווען, ווי זאָגט איר, אַ חזיר,
— אַ שפּין...
— אַ דאָנאָשטשיק...
— אַ... וואָס אין דער קאָרט!..
איז טאַקע, ווי זאָגט איר,
— אין דר׳ערד אים אַן אָרט...
פאַר וואָס זאָלט איר טאַקע ניט זאָגן דעם וואָרט?..."

נאָר לאָוו מיט אַ ספּאָדיק — עקשנים־ליטוואַקעס,
קאָרג אויף אַ וואָרט — כאָטש דערלאַנג זיי אַ מכּה!..

די איידעמלעך טומלען און לויפן זיך לאָדן,
פון רב צו דעם דיין, פון דיין צום אָדון,
נאָר ס׳העלפט ניט קיין דיין, קיין רבי, קיין ספּראַווניק,
קיין ווײנען, קיין שמירן, קיין לויפן, קיין האַווען,
קיין קלאַפּן אין שטענדער, קיין אל־מלא־רחמים —
דער בר־מינן ליגט און... קבצנימלעך לאַכן!..
בקיצור, ס׳איז פריילעך, נאָר... וואַרט נאָר אַ ווײַלע —
סע זיצן די קלעזמער מיט אָפענע מײַלער:

אַ פריילעכקייט, אַ פריילעכקייט —
קלעזמאָרימלעך דערלאַנגט,
כ׳וואָלט גלאַט אַזוי דערציילן עס —
דער ניגון טוט מיר באַנג...

סע מאַכן דערווײַל די קברנים אַ קערטל
און בראָנפֿן מע זויפֿט פֿון אַ בלעכענעם קווערטל,
געשמאַק מע פֿאַרבײַסט אַ געקוילעטן הערינג
און מע לויבט די אַמאָליקע צײַטן גאַנץ גערן,
מע קרעכצט, וואָס געשלאָגן איז הײַנט די פּרנסה,
קיין מתים קיין רעכטע... ס'איז אַלץ עפּעס דאַסיק...
מע שעלט די פּאַגאָדע, די ווײַבער, נאָר קענטיק —
פֿאַרגעסן מע האָט פֿון דעם פֿײַנעם פּראָצענטניק!
מע זאָל כאָטש דערמאָנען אַן „אָלעוואַשאָלעם"
און יענער, מע זאָגט, אַז ער שמעקט שוין מיט קנאָבל!
הכּלל, ס'וואָלט דאָס שטעטל געוואָרן פֿאַרעיפּושט,
ווען ס'קומט ניט קיין חכם, צי אפֿשר אַ טיפּש,
אַן אביון, וואָס ווייסט ווו דעם דלת באַהאַלטן —
ס'פֿאַרמאָגט זײַן קאַפּאָטע בײַ זיבעציק שפּאַלטן,
אַזאַ, וואָס בײַם גביר האָט פֿאַרמשכּנט דעם נאָמען
און ס'איז אים געבליבן ניט מער — די נשמה...

אַ יידישע ווייכע נשמה, איר זיסקייט
איז גאָרניט צום שאַצן! אַט הערט, וועט איר וויסן:
געלאָזט האָט ער אויסרופֿן הויך, בקול רם —
געזוכט האָט ער לאַנג, ווי אין מידבר אַ שוואָם,
גענישטערט און אויסגעוועזן ווו נאָר אַ לאָך
און אַזוי ווי אַן אוצר דערטאַפּט האָט ער דאָך
פֿאַר אים, פֿאַרן נגיד, די ווערטער די גוטע.
און דווקא אוים מיצווה, ער נעמט ניט קיין פּרוטה!

הכּלל... נאָר סע טוט נאָך אַ ניגון מיך קלעמען, —
סע זיצן די קלעזמער פֿאַרקלערט, ווי די לעמער!

קלעזמאָרימלעך, קלעזמאָרימלעך,
די סטרונע וועקט פון שלאָף,
די כּלים טוט אַ טאָרע נאָר —
די מעשׂה גייט צום סוף.

מע קלאַפּט אין די טאַצן, מע בלאָזט אין די שופרות
און מלא־גדולה די איידעמלעך לויפן
צום אביון. צוריק שוין — אין דרייען זיי גייען
און ס׳קראַצן ליטוואַקעס די בערד און די פּאות,
מע ברעכט זיך די מוחות: ווי קריגט מען עס טאַקע
איין וואָרט כאָטש אַ גוטס פאַר אַזאַ מין סאָבאַקע?..

די דאַרע לאַקייען צעשפּאַרן דעם טויער,
מע גייט און מע גייט צום נגידישן מויער.
מע קומט אין דער סאַליע, ווו אַלץ איז אין טרויער,
די מאַדאַם חלשט אַלץ נאָך, די טעכטערלעך וויען,
די איידעמלעך, עפּעס בגניבה, זיי שײַנען —
מע טיילט אין געדאַנק די ירושה, די פּײַנע...

דער רב איז שוין דאָ און דער גבאי איז דאָ שוין,
בײַם בר־מינן שטעלן זיך אום די שמשים.
געקומען אַפילו איז אויך אויף חריפות
דער אָדן אַליין מיט די גילדענע שליפעס,
בפרט די קבצנימלעך — דאַרפט איר נאָך פרעגן —
אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ און מע גאַפט אויף די נעגל!
— שאַט־שאַט! — גיט דער גבאי אַ ברום און
פאַרכאַפּט זיך:
צום ניפטר צוקאָפּנס גייט וואַזשנע דער קבצן,
ער שטעלט זיך און דברט, ליטוואַקיש מיסטאָמע,
ווי ס׳פּאַסט פאַר אַזאַ, מיטן „קוועץ" אויפן סאַמעך:

— רבותי, כאָטש מענטשן באַוואָלט זאָגן
אַפילו אויף אים, דעם פֿאַרשטאָרבענעם נגיד:
אַן אכזור, אַ פּושע־ישׂראל, אַ רשע,
געפּליקט פֿון די ציין ביי קבצנים דעם גראָשן,
ביי וויסטע אלמנות — דעם ביטערן ביסן,
נאָר הערסט מיך, נישקשה, כ׳לאָז טאָן אייך וויסן:
ס׳אַ סאָדן אַ גרויסער, אַ גרויסע פּאָציערע,
מע מעג זיך בפירוש באַוואַשן מיט טרערן,
ווייל גוט קוקט זיך איין אין זיין צורה געשווינדער —
איר זעט דעם מת? —
איז ער געווען אַ הונט
אַנטקעגן זיינע קינדער! — — —
— — —

שטילער, שאַט, קלעזמאָרימלעך,
שטילער, שאַט און — אוים!
אַ שטעקל אַריין און אַ פּלעקל אַרויס,
אַ צוועקל אַרוים און אַ גלעקל אַריין —
דערלאַנגט מיר, זייט מוחל,
אַ קעלישעק וויין —
ס׳איז מיר שוין, שקאָצים, איבערגעטריקנט
געוואָרן דער האַלדז.
לחיים!

וואָרקוטאַ, 1953

# ייִדישע דיכטער

ש. האַליקנען

מיר האָבן צום טונק׳לען פּרימאָרגן געקלעטערט,
דאָס וואָרט האָט געגליט אויף דער דאָרשטיקער צונג
און ס׳האָבן, מיט קללות, צעשמעטערטע געטער
אַראָפּ זיך געקײַקלט צום פינצטערן שלונג...

און ווײַטער געשטיגן מיר האָבן פאַרביסן,
מיט לײַב און מיט לעבן, מיט ווײ און מיט מוט,
ווען די וויִוגע אויף צוריק האָט אין גאָרגל פאַרשמיסן
דאָס ליד — האָט ניט אויפגעהערט זינגען דאָס בלוט.

אַזוי האָט געזונגען דאָס בלוט פון דעם האַרצן,
אַזוי האָט געפסקנט דער גורל אַליין:
ס׳מעג בראָקן די האַק איבער אָפּגרונטן שוואַרצע,
צעבראָקן אויף שטיקלעך פון גרויס ביזקל קליין,

פון אונדזער געביין מעג ניט לאָזן קיין סימן
די האַק און דער חלף, דאָס פײַער־און שווערד,
נאָר ס׳וועלן ניט אויפהערן קלינגען די שטימען
פון ייִדישע דיכטער אויף רוסישער ערד!

# דאָס געזאַנג וועגן מאַרקישן

פּרץ מאַרקיש,
פּרץ מאַרקיש!
ס'רוישט ניט קיין וואָלינער מאַרקטאָג —
אין דער שײַן פון רוסלאַנדס שײַטערס
טראָגן זיך די רויטע רײַטערס,
ס'פאַלן ברידער,
ס'בלוטן לידער,
ס'גייען אוים פון בענקשאַפט מאַמעס,
נאָר ס'גייט אויף אויף ס'נײַ און ווידער
אונדזער וועלט אין וויי און פלאַמען.
ס'ווייען ווינטן פון דײַן עפּאָס
בײַ קורגאַנעס איבער סטעפּעס...
ס'בלײַבט דער זונאויפגאַנג
פאַרחידושט
אינעם אויפגאַנג אויפן דניעפּער
פאַר דײַן מענה־לשון יִידיש!..

שלאַכטן, שלאַכטן, ווידער שלאַכטן.
ס'קראַכט זיך ראַנגלענדיק די געטאָ,
סטאַלינגראַד — די שׂונאים שמעטערט,
ווי מיט אויפרײַסשטאָף —
אַ פראַכטצוג,
האָסט אין ערגעץ ניט פאַרשפּעטיקט.

פּרץ מאַרקיש.
פּרץ מאַרקיש!
ווי אַ שטורעמדיקער באַרגטײַך,
וועלכער וואַרפט זיך פון די הייכן,
ווו קיין אָדלער טוט ניט גרייכן,
אָט פון דאָרט ווו ווינט מיט כמאַרע
קושן שנייען מיידלש־ריינע
שלײַדערט זיך אַראָפּ דער באַרגטײַך
און פאַרצוימען קאָן אים קיינער!
ס'האָט געפּרוווט זיך
טויט און אימה
אָט דעם דראַנג זיך קעגנשטעלן,
האָט ער זיי באַהערשט ווי שוועלן
צוליב ליכט
פאַר פאָלק און היימלאַנד!

ניט געדאַגהט! ניט געדאַגהט!
ס'וועט אונדז אויך דער טויט פאַרבײַגיין —
ס'לעבט און זינגט,
ווי קיין מאָל שטאַרק איז —
פּרץ מאַרקיש,
פּרץ מאַרקיש!

נאָוועמבער 1960

# אַ וואָרט וועגן לייב קוויטקאָ

ווי האָבן די ווילדסטע שׂונאים
אָפּן אים געקוקט אין פּנים,
קאַלט געצילט און אויסגעשאָסן,
מיט אַ קויל זײַן מויל פאַרשלאָסן!..
כ׳ווייס ניט.
כ׳ווייס, אַז אַ פאַררעטער —
פוילן וועט ער פרײַ׳ר צי שפּעטער...
אָבער קוויטקאָ,
קוויטקאָ לייב —
בלײַבן לעבן וועט, איך גלייב!

חכמה נעם בײַ גרײַזע זקנים,
ריינקייט — בײַ די קינדער קליינע,
שמעלץ און מיש עס אוים אין איינעם —
איז דאָס קוויטקאָ.

צאַרטקייט באָרג בײַ גוטע מאַמעס,
האַרטקייט — בײַ די דעמבנשטאַמען,
שמעלץ און מיש עס אוים צוזאַמען —
איז דאָס קוויטקאָ.

שעפּ די ערד, וואָס טוט אונדז נערן,
שעפּ פון הימל קוישן שטערן, —
וועל איך זאָגן, וועל איך שווערן:
דאָס איז קוויטקאָ,
קוויטקאָ לייב,
וואָס וועט בלײַבן לעבן,
כ׳גלייב!

## די ייִדישע אותיות פון פוילן

צום 20סטן יובל פון דער
וואַרשעווער „פאָלקס-שטימע".

צי טליִעט דאָס אַש נאָך,
צי גליִען די קוילן?
ניין, ס׳בליִען
די ייִדישע אותיות פון פוילן!

מע האָט זיי פאַרבאָטן,
מע האָט זיי געטראָטן,
געמאַכט זיי צו שטויב
און געמאַכט זיי צו בלאָטע...

די הייליקע שמות
נאָך ערגעץ וווּ פוילן,
נאָר ס׳בליִען
די ייִדישע אותיות פון פוילן!

פון אייגן געביין
און אין פינצטערניש וויסטער,
מיר האָבן די אותיות אַליין אויסגעקנאָטן,
איז ווער קאָן עס וואַגן
פאַרוואַרפן די שליסלען,
אויב קאָרג איז די שײַן
און ס׳באַשווערט נאָך דער שאָטן...

— זעצט פאָר!
— האָבן קדושים און מורדים באַפוילן

און ס׳בלײַען
די ייִדישע אותיות פֿון פּוילן!

די זאַצן געפּרעסטע,
מיט אויפֿרײַס באַלאָדן,
מע האָט שוין אויף איינציקע קלאַנגען צעשאָטן,
אויף אותיותלעך הילפֿלאָזע, נאַקעטע, צאַרטע,
דערנאָך זיי אויף בלײַענע קוילן געגאָסן,
דערנאָכדעם — די דיכטונג פֿאַרשפּאַרטע
צעשאָסן...

מען האָט שוין!..
און ס׳צייכענען אויף ס׳נײַ זיך שוין גרוילן
און ערגעץ דאָרט ווידער שאַקאַלן שוין הוילן...

מען האָט שוין!..
מײַן שריפֿט זאָל צוזאַמען מיט שריפֿטן —
אין מעכטיקער פֿויסט
זיך פֿאַרבײַלן, פֿאַרקנוילן:
— עד כּאַן!
און זאָל בלײַען אין ווײַטקייטן טיפֿסטע
דאָס ייִדישע לשון פֿון רוסלאַנד און פּוילן!

# בײַ האַלקינס אָרון

געשטרעקט האָט זיך די האַק פֿון אָט דער שעה,
איר דראָענדיקע שאַרף איז איבער אונדז געהאָנגען...
און אָט איז דאָס געשען, —
ס׳איז האַלקין שוין ניטאָ,
דאָס לידערפֿולע האַרץ איז אויסגעגאַנגען.

געשטאָרבן איז ער, מע דערציילט, אין שלאָף,
פֿאַרשפּאָרט אַן איבעריקן מאָל דאָס אויג פֿאַרמאַכן...
צי שטעלט איר זיך דען פֿאָר אַן אַנדער סוף? —
דער טויט האָט ניט געוואַגט, ווען ער פֿלעגט וואַכן.

קיין שליטה ניט געהאַט האָט איבער אים דער טויט,
כאָטש אויף אַ הערעלע דאָס האַרץ האָט זיך געהאַלטן,
ווי יענער דורכזיכטיקער, פֿולער טראָפּן טוי,
וואָס דאַרף אָט באַלד פֿון בלעטעלע אַ פֿאַל טאָן
און פֿאַלט ניט, ניין!

דער טויט האָט ניט געוואַגט
די ליכטיקייט פֿון זײַן געזאַנג באַטרעטן...
ווען ער געזונגען האָט — פֿאַרשווונדן פֿלעג די האַק
און ס׳פֿלעגט דער גזר זיך אָפּלייגן אויף שפּעטער.

און אָט איז דאָס געשען —
ס׳איז האַלקין שוין ניטאָ!
ס׳איז דאָ דער הימלבלוי, דער וואָלקנגרוי, דער שטערן,
די ערד איז דאָ. זײַן ווײ און מוט איז דאָ
און זײַן געזאַנג, וואָס אונדז וועט עס געהערן!

## בײַם דענקמאָל

איבער אונדזערע פרײלעך־פּאַרדאגהטע קעפּ,
וואָס ווערן אַלץ ליכטיקער, קלאָרער און גרײַזער,
דער מלאך־המוות מאַכט פינצטערע קרײַזן,
אַזוי ווי דער שאָטן פון שפּאַרבער אין סטעפּ...

געצילט איז אין יעדן, וועט אויס, אָט די פײַל
און יעדער פון אונדז וועט נאָך פיל ניט דערגעבן,
נאָר דער לייב, אויך אַ טויטער,
איז ליבער דעם לעבן,
איידער די כּלבים וואָס לעבן דערווײַל.

מײַן דיכטער, איך קום צו דיר —
פֿײַנלאָז און פּראָסט,
אַזוי ווי דער טויטראָפּן קומט אויפן גראָז,
אַזוי ווי דאָס ברויט און די זאַלץ אויפן טיש,
אַזוי ווי דײַן וואָרט, וואָס איז לעבעדיק פריש,

כ׳קום נאָך אַ מאָל זאָגן: ווי טײַער די וואָר איז —
כ׳וועל קיין מאָל ניט זײַן ביי דעם טויט קיין משרת!

1962

# אין מאַלאַכאָווקע

ווי דאַנקבאַר בין איך אָט דער ערד
וואָס האָט פון זיך אַרויפגעשאָסן
די שיטער־וואַקסנדיקע סאָסנעס.

ווען כ׳קום אין זייער קעניגרייַך,
אויך איך, מיר דאַכט, ווער אויסגעגלײַכט
צו קעפּ פאַרוואָרפן שטאָלץ און גרין
אויף שלאַנקע זײַלן פון בורשטין

און צווישן סאָסנעס אומגעריכט
דעם ערשטן האַרבסט — בעריאָזקעס פלאַמען:
זיי פלאַמען שטיל ווי יאָרצײַטליכט
מיט מיר צוזאַמען...

יאָ, צווישןביימער אויף דער ערד
געהיימער ווערט
און היימלעך ווערט.
און טאַקע צוליב זיי, איך קלער,
די גרויקייט בלויט,
דער הימל הויך איז,
מײַן פײַן צערינט הײַנט ווי אַ רויכל,
למאי געקומען כ׳בין אַהער
ווען ס׳לעבט ניט מער מײַן ליבער דיכטער
און ס׳מאַכט ניט מער זײַן שווערער טראָט
דעם וואַלד געדיכטער...

## בנימין חייטאָווסקין

ס'איז פאַראַן אַ מענטש, וואָס איז געגליכן צו ברויט...
שטאַרבט ער, דער מענטש...

(פון אַ פאָלקסליד)

ס'איז געשען, ס'איז געוועזן און פאַרפלויגן
און ס'וועט קיין מאָל ניט אומקערן זיך,
ווי די שײַן צו פאַרלאָשענע אויגן,
ווי די פײַן צום פאַרשטיינטן געזיכט,

ווי דאָס קול דײַנס, וואָס קלינגט נאָך אין אויער,
ווי דײַן אײנציקער ניגון און זאָג...
ווי זשע טרייסט מען די ברידער אין טרויער
בײַם פאַרשטומטן געפּאַלענעם גלאָק?

ס'איז געשען, ס'איז געוועזן און פאַרפלויגן
און דו וועסט עס ניט קערן צוריק — —
ס'טראָגט דאָס ליד זיך ווי פײַל אויסן בויגן
און דער בויגן צעבראָכן שוין ליגט...

כ'וועל צעפליקן די פענטעס פון טרויער,
ווײַל ס'איז נייטיקער אפשר פון ברויט,
דאָס ליד, וואָס דו האָסט אַ געטרײַער
געזונגען להכעיס דעם טויט.

מאָסקווע, 16 פעברואַר 1966.

## אַ באַגעגעניש
## מיט יאָסל קאָטליאַרס אייניקל

צי האָב איך געקלערט
און צי האָב איך געמיינט ?
אַן עדות מײַן האַרץ איז,
וואָס בענקט און וואָס וויינט...

איך האָב ניט געקלערט :
אַז דערזען קאָן מען דיך,
אַזוי ווי מע זעט אין אַ שפיגל
בײַ ליכט,

דערזען
אין דײַן אייניקלס פּנימל קלאָר :
ס'איז יאָסל, מײַן פרײַנד, —
זאָל עס פעלן אַ האָר !

ס'האָט פאַלאַנגע געררוישט
אויף די זאַמדן בײַם ים,
שעמערירט האָבן כוואַליעס
מיט זוניקן פלאַם,

פון דעם דאָזיקן טאָג
האָט געקאַפּעט מיט גאָלד
און דער ים אויף צוריק
מיט בורשטין האָט געצאָלט

און דײַן שטים איז
דערגאַנגען צו מיר דורכן ווינט,
ווען געדריקט כ'האָב צו זיך
אָט דאָס דאָזיקע קינד...

ס׳האָבן אייגעלעך אירע
פאַרחידושט געפרעגט,
צוליב וואָס כ׳האָב דעם זיידן
אין זיי אויפגעוועקט...

ס׳איז יאָסל, מײַן פרײַנד!
און איך האָב זי געגלעט
און כ׳געדענק שוין ניט וואָס
כ׳האָב צו איר דאָן גערעדט,

נאָר זי האָט ניט באַנומען
קיין וואָרט פון די רייד...
ווי אַ טעפּעך די וועלט
האָט פאַר איר זיך געשפּרייט.

ס׳האָט געקאַפּעט מיט גאָלד
פון דעם דאָזיקן טאָג.
ניט באַפלעקט איז איר וועלט
מיט קיין וואָלקנדל פלאָג...

צווישן סאָסנעם און ים
האָט פאַלאַנגע גערוישט...
אָ, מײַן פרײַנד, ס׳איז איר וועלט,
ווי די אייביקייט גרויס —

זאָל כאָטש זײַן דאָרט אַן אָרט,
זאָל אַ ווינקל כאָטש זײַן
פאַר דײַן זינגענדיק וואָרט,
פאַר דײַן זוניקער פּײַן.

*

זײַ מיר מוחל,
מײַן יאָרהונדערט עלעקטראָנישער,
זײַ מיר מוחל מײַנע גראַמען
די בדחונישע,

ווי כ׳בין מוחל דיר
דאָס פֿליִען אין די קאָסמאָסן,
ווען די ערד מיט פֿינצטערניש
פֿאַרגאָסן איז...

דײַן רעאַקטאָר —
פֿול מיט אויפֿרײַסן אַטאָמישע,
ס׳ווײַנט מײַן האַרץ
מיט גראַמען, מיט אַלטמאָדישע.

*

וואָס ענגער די ווענט,
איז די איינזאַמקייט גרעסער.
וואָס גרעסער די וועלט —
זײַנען שווערער די שלעסער.

נאָר הערסטו דעם רוף,
דאָס געשאַל פון דער פרײַ?
דאָס געוויין פון פאַרקנעכטעטן גוף
ער פאַרשרײַט:

— פון זיך ביז צו זיך
שפּאַן אַריבער דעם טויט,
שענק אַלעמען ליכט
דורך דער אייגענער הויט!

# חיהן

מיר זײַנען שוין צוזאַמען — דרײַצן יאָר,
צוזאַמען — איינס, מײַן גאָט־געבענטשטע פּאָר.
ווער זאָגט, אַז דרײַצן איז אַ שלעכטע צאָל?
הײַנט האָב איך ליב דיך מער ווי אַלע מאָל.

און ווער בכּוח איז דען אונדזער גליק צעשטערן —
ס׳ע שײַנט און וואַכט פון ווײַטנס — אונדזער שטערן.
אויב שווער, ניט אויסצוהאַלטן, אונדזער יאָך איז —
ס׳ע שמייכלט נאָענט אונדזער טײַערער בן־יחיד.

מײַן איינציקע, מען דאַרף ניט זײַן פאַראומערט.
מיר וועלן איבערקומען אַלץ,
די אויסלייזונג וועט קומען,
און אויב ניט הײַנט, איז מאָרגן אויף געווים —
אין ים־המלך מירן אָפּשווענקען
די מידע פּיס...
ווער זאָגט, אַז דרײַצן איז אַ שלעכטע צאָל?
איך ליב און גלייב הײַנט מער ווי אַלע מאָל!

1970.7.4

# סענטימענטאַל

ווײס איך וואָס און ווײס איך ווען,
וואָס איז פון אונדז געוואָרן?
לאָמיר בעסער זיך דערמאָנען
יענע קינדער־יאָרן,

ווען דאָס גראָז געווען איז גרין
און בלוי אַזוי דער הימל,
גלײַך די מאַמע מיט אַ קוש
וואָלט ערשט געוועקט פון ~~הימל,~~ דרימל

גלײַך דער ערשטער טראָפּן טוי
צעלײַכט זיך אויף אַ בלעטל,
גלײַך ס׳וואָלט אויפגעלעבט אויף ס׳נײַ
בײַם טײַכעלע מײַן שטעטל.

ווײס איך וואָס און ווײס איך ווען,
וואָס איז פון אונדז געוואָרן!
לאָמיר בעסער זיך דערמאָנען
די סטודענטן־יאָרן,

ווען די וועלט געווען איז טיף
און טיפער נאָך דער אָטעם,
ווען די זון האָט פול מיט פרייד
געזוכט אַ שטיקל שאָטן,

ווען געזונגען האָבן מיר
פון אומעט און פון בענקשאַפט,
ווען דער וועלט האָט אויסגעפעלט
אַן אָרט פאַר אונדזער ענגשאַפט.

1970

*

ס׳לאָזן זיך ניט אוים
די דרײַסיק זילבערשטיק.
מע קאָן פון זיי דען פטור ווערן
קויפנדיק אַ שטריק,
זוכנדיק אַ בוים,
וואָס וועלן זאָל פאַרשאָלטן ווערן,
אַבי דעם לעצטן כריפּ
פון דעם פאַררעטער הערן?

צוויי טויזנט יאָר צוריק,
צוויי טויזנט יאָר פאָרוים —
די זעלבע דרײַסיק זילבערשטיק
זיי לאָזן זיך ניט אוים...

*

ביסט ניט צו גאָט
און ניט צו לײַט...
און מער פון גאָט
און מער פון לײַט.
פון דיר, — מײַן פרעמד,
איך אײנער לײַד.

פון דיר, — מײַן פרעמד,
פון דיר מײַן ווײַט...
שלינגסט אײַן
ווי טורמעוועגט
מײַן צײַט.

די יאָרן מײַנע
רינען אויס,
נאָר ניט צעשליסן כ׳וועל
מײַן פויסט,
וואָס גאָט און לײַט
האָבן פאַרקלעמט — —
מײַן וויסטע ווײַט,
מײַןווילדע פרעמד!

## בײַם „קופּערנעס רײַטער"

ווײַזט אויס, דאָ איז פאַרבײַ
אַ שעכטער אַ געניטער —
די ערד, ווי מיט אַ שווערד איז אָפּגעשניטן
פון אַלץ.

אַזוי פאַרענדיקן זיך מוראדיקע שטרעקעס
בײַם ראַנד פון אָפּגעהאַקטע ברעגעס,
אַזוי בלײַבט שטעקן ס׳וואָרט
אין האַלדז,
אַזוי ווערט אָפּגעהאַקט דער אָטעם,
אַזוי פאַרבלײַבט מען
פון דעם קופּערנעס
צעטראָטן.

*

ס'איז אַ ווייטיק פאַר דײַן רחבות,
שטרענג צעקראַטעט אויף קוואַדראַטן.
כ'שטיק זיך צווישן דײַנע פּאַכוועס,
קאַנט פון „קלאַפּערס" און פון קאַטן.

קאַנט פון קנעכטשאַפט און פון אומרעכט,
קאַנט פון שקר און פון שיכּרות.
פײַנט באַקומען כ'האָב דײַן אומעט
און דײַן פרייד איז אויך מיר פריקרע.

לאָז מיך אָפּ! — איך בעט מיט גוטן:
וואָס באַדאַרפסטו פּרעהס מכּות?
הערסט, איך וויל ניט דו זאָלסט בלוטן,
דו זאָלסט ברעכן האַלדז-און-נאַקן,

כאָטש עס פליִען דײַנע שפּאַרבערס
אויף מײַן פאָלק און אויף מײַן ארץ
און באַשערט ז'מיר אפשר שטאַרבן
אין אַ מידבר-ווינקל ערגעץ...

ערגעץ וווּ אין קאַטאַקאָמבעס
מײַן געביין זאָל בעסער שימלען.
בעסער אונטער דײַנע באָמבעס,
איידער אונטער דײַנע הימלען!

1970

*

ווּ זײַנען די פּערדעלעך פאַרפלויגן ?
בלויז די גלעקלעך קלינגען אויפן ווינט,
בלויז אַ נאָגנדיקן ניגון האָט פאַרצויגן
ס׳כליפּענדיקע האַרץ מײַנס, ווי אַ קינד.

איבער קאַטאַרזשאַנסקע קאַלטע שטרעקעס
הילכט נאָך דער מאָנגאָלישער גאַלאָפּ.
נו, און איך דאָ מיט מײַן יִדיש פּעקל,
וואָס באַדאַרף מיר אויסדאַרן דער קאָפּ ?

ס׳לעשן זיך די גלעקעלעך וואַלדײַער,
ס׳רעוועןאויף ראַקעטעס דורך די נעכט.
כ׳וועל ניט זאָגן: ברענט עס אויפן פײַער,
אָבער — לא! כ׳בין מער דאָ ניט קיין קנעכט!

ווינטערדיקע ווײַטקייטן ווי פּענטעס
שינד איך מיטן פלייש מײַנעם פון זיך,
ביז דאָס לעצטע קנייטל ניט דערברענט האָט
פון מײַן מאַמעס בענטשנדיקע ליכט,
ביז עס ציטערט נאָך אין מיר די סטרונע
פון מײַן טאַטנס ברומען באמונה...

ערגעץ קוקט מען אוים אויף מיר די אויגן,
ס׳גליט אין כּוס דער שבתדיקער ווײַן — —

ווײַט זײַנען די פּערדעלעך פאַרפלויגן.
שטיל די וויִוגע,
ס׳דרימלט שוין מײַן פּײַן.

מאָסקווע, יולי 1970

# רוסלאַנד

מיט קיין קליינקייטן
וועל איך זיך ניט שמירן, —
כ'וועל ניט מיטנעמען
קיין סוּווענירן...

אַ „מאַטריאָשקאַ", דאָרטן,
צי אַ „וואַנקאַ וסטאַנקאַ" —
העלפן קאָנען,
ווי אַ טויטן באַנקעס.

פאַלשע שטערנדלעך,
פאַרצייַטיקע איקאָנעס, —
ווי פּריפּאַרקעס קאַלטע,
העלפן קאָנען!..

כ'וועל דייַן רחבות, רוסלאַנד,
מיטנעמען מיט זיך —
אַ באַפרייַטע פון די צוואַנגען
דורך מייַן בענטשנדיקער ליכט.

גאָר דעם אומעט אייַנגעאָטעמט
כ'האָב פון ווייַטע פעלדער,
אייַנגעשאָטנט —
די געדיכטעניש
פון טיפע וועלדער...

אייַנגעזאַפּט די שאַרפע ריחות
פון דער גרויער נויט —

דעם נאָסטאַי פון קאַלטן שוויס,
מאַכאָרקע־רויך און קויט,
און די זיסקייט פון אַ פּיַיקע ברויט,
און דאָס ברויזעניש פון זויער קרויט,
און דער פראָסט — אַ שנייַדנדיקע רוט
איבער שנייפעלדער מיט פלעקן בלוט...

דעם נאָסטאַי פון שנייזאַווייִ
מיט וויי־געשריי פאַרמישטן,
ביז אַ טראָפּן אייַנזאַפּן
מייַן גורל האָט פאַרמישפּט.

ווּ זשע זאָל איך זוכן דיך
אין אָט דער זאַווערוכע —
קאָט און קרבן ווילדעוועז,
באַזויפן פון סיוווּכע!..

ס׳וועלן דייַנע שייַטערס נאָך
צעפלאַקערן די נעכט,
אייַנבייַסן און גאָרגלען זיך —
דייַן אומרעכט און דייַן רעכט...

דאָן, ווי ערד פון הימל — ווייַט,
מיר וועלן זייַן צעשיידט,
פון דער היים כ׳וועל פליסטערן
צו דיר די זעלבע רייד:

איבער שטרעקעס דייַנע
טראָגט זיך אונדזער קרעכץ,
זאָל מייַן תּפילה דיך
באַשירעמען פון שלעכטס.

אויגוסט 1970

# ווידער פרילינג

מאיר חרצן

1

אויב האַלטן כ׳וועל אַפּילו שמאָל,
בלײַבט אויך מיר דאָס געווינס —
ס׳בליט יעדעס מאָל צום ערשטן מאָל
אויף צווײַגעלעך דאָס גרינס,

און ס׳לײַטערט זיך די האַרבע פּײַן,
ס׳ווערט גרינג דער שווערסטער עול,
ווײַל וואָס און ווי סע זאָל ניט זײַן —
איך לעב צום ערשטן מאָל!

איך שפּאַן פאַרטיפט ביז העכער־האַלב
אין לופטיקייט אַרײַן,
צוזאַמען מיט דער ערשטער שוואַלב
דער הימל שלינגט מיך אײַן,

צוזאַמען מיטן ערשטן טוי,
מיט ערשטן דונערקנאַל —
אויף אַט דער ערד, וואָס איז נאָך רוי —
צום ערשטן מאָל איך פאַל.
פאַרפאַלן כ׳וועד, נאָר ס׳קלינגט מײַן קול
מיט בענקשאַפט און געבענטש:
— שטיי אויף אויף ס׳ניי צום ערשטן מאָל
בן־אָדם, מענטש!

2

עס טריפן שוין די צעפּלעך אײַז
מיט רײנעם הימלבלוי
און ס׳פינקלט פּײַערלעך די זון
פון יעדן טראָפּן טוי.

און יעדע פײַכטע װערבע־צװײַג
הערט אײַן זיך שטיל פּאַרטיפט
און װאַך — צו יעדער פליגלפּאָך,
צו יעדן פרישן טריף...

און איך אַליין, און איך אַליין,
װי נאָר אויף גאָטס באַראָט —
כ׳װער פּלוצעם פרײַ פון שטאָל און שטיין,
כ׳װער פרײַ פון שטײַג און שטאָט
און כ׳װער אַליין װי יענע צװײַג,
װי טראָפּנטריף — איך װער
און, ערן װאַרט, עס דאַכט זיך מיר,
איך דאַרף שוין גאָר ניט מער —

אַבי נאָר װאַרטן יעדן טאָג
אויף עפּעס אומדערװאַרטס —
דער קנאָספּ זאָל פּלאַצן צו דער צײַט
און צו דער צײַט — דאָס האַרץ.

# געזאַנג צו די יהודה־בערג

נ־ה כהן

פאַראַן אַזעלכע בערג —
זיי שפּאַרן מיט די שניישפּיצן
אַלץ העכער צו די הימלען,
זיי זאַמלען אין געהיימעניש
פון טיפע תּהומען —
פינצטערניש און שרעק,
זיי זײַנען חוצפּהדיק
מיט יעדן רים־אַרויף,
זיי זײַנען שיין און בייז
די בערג די דאָזיקע
אַריבער ווילד געוואַלגער
פון געפאַלענע, געקראַכטע,
מיט שטומען אויסגעשריי
זיי שטופּן זיך
און קריכן איינס אויף ס׳אַנדערע
אַלץ העכער פון די כמאַרעס, —
רק — צום הימל,
רק — צו גאָט!..

נאָר אונדזערע יהודה־בערג
זיי זײַנען אַנדערש.
באַטרונקענע מיט זון, מיט לופטיקייט
און מיט לבנה־זילבער
אין די שטילע פאַלדן —
זיי האָבן אַלץ געזען אויף אָט דער וועלט,

זיי ווייסן אַלץ,
זיי זײַנען רויִק,
זיי האָבן דאָך אַפילו ניט געשטוינט,
ווען כ׳בין צו זיי געקומען
צוריק פון די יאָרטוייזנטער אין וואָגל!..
— פּראָסט־פּשוט
זיי האָבן מיך דערקענט
און אָנגעפילט מײַן אויסגעפּלאָגטע זעל
מיט בענטשונג און מנוחה.

יאָ, די יהודה־בערג,
זיי זײַנען אַנדערש!
ס׳איז צווישן זיי ניטאָ
קיין קריגערײַ, קיין שטויסערײַ
און קיין פאַרשטיינט געשריי.
זיי זײַנען רויִק.
וואָס דאַרפן זיי זיך שטופּן
צו די הימלען,
אויב גאָט ברוך־הוא אַליין
האָט זיי פון דאָרט אַראָפּגעלאָזט
צו אונדז, אויף אָט דער ערד?..
— אָ, די יהודה־בערג
ווי פליגל רחבותדיק צעשפּרייטע
אַרום דער שטאָט מײַנער,
ירושלים של זהב...

יוני 1971

# אינהאַלט

## כ׳וויל זײַן אַ גוטער
1968 — 1965



## שורהלעך אויף שניי
1945 — 1941

## בײַם אַלטן קוואַל



## אויף דער וואַך פון מײַן זכרון

## פון זעלביקן מחבר

**פאַר מײַן ערד**

מאָסקווע, „עמעס״, 1944.

**דאָס געזאַנג צווישן ציין.**

**אַרײַנפיר פון ד ב ס ד ן**

תל־אביב, פאַרלאַג י. ל. פרץ, 1971.

**Poems of Protest,**

New York, The Education Department of the Workmen's Circle, 1971.

**Виноградник моего отца,**

Москва, "Советский писатель", 1957.

**Хочу быть добрым,**

Москва, "Советский писатель", 1965.